# באַגריסונגען און אָפּשאַצונגען
# צו דעם 60־יעריקן יובילעאום
## פון
# יעקב פּילאָווסקי

---

ארויסגעגעבן דורך דעם געזעלשאַפטלעכן
קאָמיטעט צו פייערן דעם 60 - יעריקן
יובילעאום פונעם שרייבער יעקב פּילאָווסקי

---

סאַנטיאַגאָ, טשילע — מערץ 1959

## עס באַטייליקן זיך:

---

אפרים אויערבאַך — ניו־יאָרק
משה אַבאָוויטש — לאָס אַנזשעלעס
אַנאַ באָגין — ניו־יאָרק
פּנחס ביזבערג — ישראל
אריה בן־שמר — ניו־יאָרק
מאיר בעזאָוויק — ב. איירעס
יוסף בערמאַן — מאָנטרעאַל
איסר גאָלדבערג — ניו־יאָרק
מ. גינזבורג — מאָנטרעאַל
י. ל. גרוזמאַן — ב. איירעס
דוד גרייסדאָרף — טאָראָנטאָ
בערל גרינבערג — ב. איירעס
אליעזר דורון — טשילע
משה דלוזשנאָווסקי — ניו־יאָרק
שרה האַמער־זשאַקלין — ניו־יאָרק
יואל זשעלעניעץ — מאָנטעווידעאָ
שעיה טענענבוים — ניו־יאָרק
דניאל טשאַרני — באָסטאָן
חיים לאַזדייסקי — מעקסיקע
מלכה לי און א. ראַפּאַפּאָרט — ניו־יאָרק
ליבער ליבערזאָן — ב. איירעס
זעליק מאַזור — ב. איירעס
איידע מאַזע — מאָנטרעאַל
דר. משה מערקין — ב. איירעס
ישראל פּאָלאַק — טשילע
חיים פינקעלשטיין — ב. איירעס
בערטע קלינג — ניו־יאָרק
גאָלדע קרימער — ב. איירעס
מלך ראַוויטש — מאָנטרעאַל
פּראָפ. א. א. ראָבאַק — באָסטאָן
מ. ראָלניק — ריאָ דע זשאַנעיראָ
מ. מ. שאַפּיר — מאָנטרעאַל
משה שענדערײ — ב. איירעס

## אפרים אויערבאך — ניו־יאָרק

חשובע פריינט, ישראל פּאָלאַק און שלמה באַכראַך!

באַגריסן יעקב פּילאָווסקין, צו זיין זעכציק־יאָריקן יובל, איז אַ כבוד און אַ פאַרגעניגן. בפרט פאַר מיר, וואָס ערשט עטלעכע וואָכן איז דאָ, ווי איך האָב אים דערקענט און זיך דערנענטערט צו אים. אַ פאַרדראָס איז נאָר, וואָס באַלד ווי מיר זיינען אָוועקגעפאָרן פון סאַנטיאַגאָ, האָט ער גע־כאַפּט און איז געוואָרן זעכציק יאָר. לפי דעתי האָט ער געמעגט אונטער־וואַרטן אַ פּאָר יאָר, — ער קוקט דאָך אויס אַזוי יונג, אַז סיי ווי וועט אים קיינער נישט גלויבן, אַז ער איז שוין אַ בן שישים. וואָס איז שייך, ווידער, וואָס אַ מענטש קען זיך אַמאָל מתקנא זיין אין אַנדערע, וואָס האָבן צוגע־יובלט, איז קיין גרויסע הנאה ניטאָ, אפילו פון אַ צעטאַראַראַמעוועטן יובל. נאָר מילא, מיר גלויבן אים טאַקע נישט, אָבער סיי ווי קומט אים, ר׳ יעקבן, די אָנערקענונג, וואָס ער האָט זיך דערוואָרבן מיט שרייבערישער אַרבעט, מיט דער שיינער יידישער פּערזענלעכקייט, וואָס ער איז, און מיט די מידות־טובות זיינע.

שרייבעריי איז אַ ברכה פון זיין ליבן נאָמען, בפרט נאָך אַזאַ שטילע טיף־אינזיכיקע שרייבעריי, ווי פּילאָווסקיס. ס׳איז אָבער דאָ אַ גרעסערע ברכה, אַ טייערערע: מ ע נ ט ש. אין דער קורצער צייט, וואָס מיר איז באַשערט געווען אים צו דערנענטערן צו זיך, האָב איך דערשפּירט דעם מענטשן, דעם יידן, אין אים. אַקוראַט ווי אין אַ שורה פון אַ ליד איז דער באַנאַנג פונעם נישט דערזאָגטן אַ סך מאָל וויכטיקער ווי דאָס געזאָגטע,

אזוי איז אויך אין אַ מענטשן: דער שאָטן, וואָס גייט אים נאָך, וואַרפט מער שיין אויף זיין פּערזענלעכקייט, ווי דאָס אָפּענע, וואָס מיר זעען און קאָנען זאָגן קלאָר דעם מיין און באַשייד זיינעם. נאָך יעקב פּילאָווסקין גייט נאָך דער שאָטן פון נישט־דערזאָגטן, נישט אַרויסגערעדטן און אפילו ניט אַרויסגעשיינטן.

דער בעל־יובל, זעען מיר אַלע, איז אַ שטילער מענטש, אַ זיידענער מענטש, אָבער געשפּירט האָב איך, אַז אין אים ברויזט אַ ים מיט איבער־לעבונגען, וואָס דעם אויסדרוק זייערן צוימט ער. פאַרוואָס טוט ער עס? דאָס איז איינע פון זיינע מידות־טובות. אונטערן מענטעלע אויף אַ ספר־תורה שטורעמט אַ וועלט מיט געראַנגל, מיט מענטש־ליידנשאַפטן, מיט מע־שים טובים און זינד. אָבער דאָס מענטעלע פאַרדעקט מיט וואונדערלעכער פרומקייט די צעברויזטע וועלט. אוודאי, דער וואָס קוקט אַריין טיפער, אַנט־פּלעקט פאַר זיך אַליין דאָס גרויס־מענטשלעכע געראַנגל, וואָס איז דאָ אין דער תורה.

דער בעל־יובל אונדזערער, ר׳ יעקב פּילאָווסקי, האָט מיך ממש גערירט מיט דער זיידנקייט פונעם מענטעלע, וואָס ער טראָגט אויף זיך. נאָכמער האָט ער מיך גערירט, אַז איך האָב דערשפּירט דעם שטורים טיף אין אים. אַ סך מאָל האָב איך דערכאַפּט אַ וואָרט, וואָס האָט אָפּגעדעקט אַ טפח פונעם מענטעלע איבער אים. דער עיקר אָבער איז, וואָס פּערזענלעכקייט — שרייבערשע און מענטש־צו־מענטשישע, — שטראַלט פון אים אַרויס. ווידער: דער עיקר איז דאָס נישט־געזעענע, דער אור הגנוז, וואָס אַז איר דערזעט אים, עפנט זיך פאַר אייך אַ קוואַל פון פרייד.

איז וואָס זאָל איך אים ווינטשן? אַז ער זאָל מאריך ימים זיין און זיך האַלטן יונג? צו זעכציק איז נאָך צו פרי צו ווינטשן אריכת ימים — סע איז דאָ צייט צו זיבעציק און צו אַכציק. אַז ער זאָל זיך האַלטן יונג — האָט ער אונדז אָפּגעטאָן אַ שפּיצל: ער איז אַזוי יונג, אַז סע איז אפילו אַ בושה צו דערמאָנען עלטער בנוגע אים.

אויב אַזוי: אין הנהס נאָמען און אין מיינעם — אַ לחיים פאַר אים און זיין טייערער משפחה און דער אייבערשטער זאָל אים באַגליקן מיט די זעלטן־טייערע מינוטן, וואָס שיינען שכינהדיק און שמייכלען אַרויס פונעם שרייבער דעם שעפערישן כח גברא.

לחיים, ר׳ יעקב, לך בכחך זה!

**אפרים אויערבאַך.**

## משה אַבאָוויטש — לאָס אַנזשעלעס

טייערער פריינט, יעקב פּילאָווסקי!

זייט איר טאַקע אין אמתן זעכציק יאָר אַלט? ווער קען דאָס גלויבן? דאַכט זיך גאָרניט לאַנג אַ יונגער בחורל, ווי איך האָב אייך אין קאָוונע געקענט, ווען איר האָט נאָך אין סלאָבאָדקער ישיבה געלערנט!...

איך בין גליקלעך צו קאָנסטאַטירן, אַז מיין פּראָגנאָז איז געווען אַ ריכטיקער: איך האָב שוין דאַן געזען אין אייך די פּאָראַויסזעצונגען, וועלכע האָבן זיך שפּעטער אַזוי דאַנקבאַר פאַרווירקלעכט אין אייערע שאַפונגען.

דאַכט זיך אַזוי פיל דורכגעמאַכט און דאָך איז די פאַרגאַנגענהייט אַזוי נאָענט, ממש ווי נעכטן וואָלט דאָס געווען. נאָר וואָס איז דער וואונדער? דער גורל האָט אונדז אַזוי דערווייטערט, אַז אין משך פון צענדליקער יאָרן האָבן מיר ניט געוואוסט אויב עס לעבט ווער פון אונדז און די לאַנגע תקופה איז געווען ווי אַ חלל־ריק, אַ וואַקואום, צווישן אונדז. טראָצדעם פלעג איך פון צייט צו צייט אַ טראַכט טאָן וועגן אייך.

דעריבער איז אַזוי גרויס געווען די שמחה, ווען איך האָב ווידער דערהערט וועגן אייער עקזיסטענץ. נאָך מער, איר האָט ניט סתם געלעבט, — איר האָט עפּעס אויפגעטאָן און זיך פאַרדינט אַ שיינעם, בכבודיקן נאָמען אין דער יידישער, ווייטער משילע. איך וויל איבערפראַזירן דעם מאמר ח׳זל און אים זאָגן פאַרקערט: „אשרי זקנתנו שלא בישה את ילדותנו" — געלויבט איז אונדזער עלטער, וואָס האָט ניט פאַרשעמט אונדזער יוגנט, וואָס ביי אייך איז פולקאָם מקוים געוואָרן.

איך ווינטש אייך, מיין טייערער פריינט, יעקב פּילאָווסקי, אַז איר וועט מיט גאָטעס הילף קומען צו גבורות, זאָלט איר זיין ניט ווייניקער (אויב עס איז באַשערט מער — איז אוודאי גוט) געזונט און שטאַרק, ווי איצט און אייער גייסטיקער באַגאַזש זאָל ווערן באַרייכערט מיט פיל נייע שאַפונגען פון גרויסן ווערט.

לעבט גליקלעך, פערזענלעך, אין קרייז פון אייער פאַמיליע און שאַפט, לטובת הכלל, נאָך פיל, פיל יאָרן, אמן!

אייער איבערגעגעבענער, אייביקער פריינט,

משה אַבאָוויטש.

## אַנאַ באַגין — ניו־יאָרק

איך באַגריס האַרציק דעם פריינט און קאָלעגע יעקב פּילאָווסקי, צו זיין זעכציק־יאָריקן געבורטסטאָג. — אַ ליבער, האַרציקער מענטש און פיינער שריפטשטעלער, מיט וועלכן איך האָב געהאַט דעם פאַרגעניגן צו באַקענען זיך דאָ, ביי אונדז אין ניו־יאָרק.

איך ווינטש אים אַ סך לאַנגע און שעפערישע יאָרן.

מיט גרוסן,

**אַנאַ באַגין.**

---

## פּנחס ביזבערג — עין השלשה (ישראל)

טייערער פריינט, יעקב פּילאָווסקי!

צו אייער אַלט ווערן זעכציק יאָר, שיקן מיר אייך פון קבוץ „עין השלשה", ישראל, אונדזערע וואַרימסטע ברכות.

זאָלן אייך, אויך די צווייטע זעכציק, זיין, געזונטע, פריידיקע, פּרוכטבאַרע און דערפאָלגרייכע, אויפן ליטעראַרישן און קולטורעלן געביט, ווי עס ווינטשן אייך אייערע,

**פּנחס, בלהה, תמר, קיטו, רועי.**

---

## אריה בן־שמר ניו־יאָרק

צו די פריינט, ישראל פּאָלאַק — פּרעזידענט, און שלמה באַכראַך — סעקרעטאַר, פון דעם יעקב פּילאָווסקיס באַערונגס־קאָמיטעט!

מיט גרויס פרייד און פאַרגעניגן באַגריס איך מיין טייערן חבר און יוגנט־פריינט יעקב פּילאָווסקי — צו זיין זעכציק־יעריקן יובילעאום.

מיר האָבן צופיל געמיינזאַמעס, איך זאָל זיך קאָנען קאָנצענטרירן — אויסצודריקן גענוי, וואָס איך פיל.

מיינע האַרציקע און גליקלעכסטע וואונטשן צו דיר, יאַנקל, מיין

טייערער חבר און בעסטער יוגנט־פריינט, צו דיין זעכציק־יעריקן יובילעאום.

איך ווינטש דיר נאָך פיל לאַנגע יאָרן, כח און מוט צו לעבן און שאַפן אויפן קולטורעלן און געזעלשאַפטלעכן שטח — אין יידישן לעבן, אין דרום־אַמעריקע.

זאָלן דיר שטענדיק באַגלייטן אונדזערע געמיינזאַמע, אינטימע זכרונות פון אונדזערע יוגנט־יאָרן פון ווילנע, קאָוונע און ניו־יאָרק.

דיין יוגנט־פריינט און חבר,

**ל י י ב.**

---

## מאיר בעזאָוויק — בוענאָס איירעס

השובע פריינט פון באַערונגס־קאָמיטעט פאַר דעם שרייבער יעקב פּילאָווסקי!

ווען איך נעם זיך צו שרייבן אַ באַגריסונג, לכבוד מיין חבר און פריינט, יעקב פּילאָווסקי, צו זיין ווערן אַ בן־שישים, ווער איך — ניט שטענדיק זיך אויסצוזאָגן — שטאַרק סענטימענטאַל און באַגייסטערט. איך דערמאָן מיך דעם אָנהויב־וועג פון אונדזער פריסטער יוגנט, ווען מיר האָבן צוזאַמען געלערנט תורה אין דער סטוטשינער ישיבה, וואָס איר גרינדער איז געווען ר׳ לייב כאַסמאַן און דער ראש־ישיבה ר׳ אלטער. און נאָך צענדליקער יאָרן צעשיידונג, טרעפן מיר זיך ווידער, נאָר אויף אַנדערע וועגן: אויפן דרך־הישר פון שרייבערישן שאַפן און יצירה פון אייגענעם וואָרט און געדאַנק.

יעקב פּילאָווסקי, דער סאָציאַלער שרייבער, איז פאַרבליבן דער תלמיד־חכם אין זיין קונסט און דער מאָראַליסט פון אונדזערע נביאים אין זיין אינהאַלט. ער איז אַן אייביקער זוכער און שעפּער פון די אַל־מענטשלעכע און יידישע קוואַלן. ער גייט מיט אַ פעסטן טראָט אויף די וועגן פון זיינע איבערצייגונגען. ער האָט אָבער אויך דעם כח און די גייסטיקע גבורה צו פאַרלאָזן אַ פאַלשן וועג, ווען זיין געוויסן דיקטירט אים דאָס. ער איז דער חכם, וואָס מען זאָגט: עיניו בראשו. ער איז דער ראַציאָנאַליסט, ווען מען דאַרף אונטערדריקן אומגעוואונטשענע, קראַנקע סענטימענטן און דער מענטש פון געפיל, ווען ער לערנט פון אונדזער מאַרטירער־געשיכטע, כדי זיך צו לאָזן אויף די וועגן פון פאָלקס־רענעסאַנס אין זיין היימלאַנד,

פילאָווסקי אַלס שרייבער, איז אַ גרויסער בעל־מסביר. זיין וואָרט איז געבענטשט מיט דער קלאָרקייט פון קוואַל־וואַסער און זיין מויל איז פול מיט די פּערל פון אונדזער תורה און אַלגעמיינעם וויסן. ער פּאַראייניקט אויף אַ וואונדערבאַרן אופן די שפּראַך פון פאָלקס־מענטש מיט דער שפּראַך פון ערודיט, און שאַפט זיך אַן אוצר, וואָס איז כולל אַלע ניואַנסן: אַ מאָזאַאיק פון פאַרבן און טענער. ער האָט אַן אויער פאַר די דינסטע וויב־רירונגען פון דער נשמה פון זיינע העלדן און אַן אָפן אויג פאַר דער נאַ־טור, — איז זיין פּייזאַזש פאַרביק, באַהעלט מיט בולטע שטריכן פון זיין ליכטיקן געמיט. ער האַלט, אַז ליטעראַטור, איז די אָפּשפּיגלונג פון לעבן, און לעבן איז קאַמף, דערפאַר קעמפן זיינע העלדן זיין קאַמף, — פאַר אַ בעסערן און ליכטיקערן מאָרגן.

איז, לאָמיר אים באַגריסן, די מאַגנעטישע פּערזענלעכקייט, חבר יעקב פילאָווסקי, דעם שרייבער, תלמיד־חכם און כלל־טוער, און אים ווינטשן, אַז זיין צווייטע העלפט פון די מאה ועשרים, זאָל ער, אַלס שרייבער און ווען־ווייזער, זיין פרוכטבאַר ווי ביז איצט און אויסנוצן זיינע געבענטשטע מעלות פאַר דעם טשילענער ישוב און פאַר אונדזער ליטעראַטור און קולטור אין אַלגעמיין.

זייט געגריסט, חבר יעקב פילוואָסקי! גייט ווייטער מוטיק אויף אייער הערלעכן און שעפערישן וועג!

אייער,

**מאיר בעזאָוויק..**

---

## יוסף בערמאַן — מאָנטרעאַל

זייער חשובע פריינט, ישראל פּאַלאַק און שלמה באַכראַך!

איך וויל באַגריסן חבר פילאָווסקי, לכבוד דעם דערשיינען פון זיין בוך און צו זיין זעכציק־יעריקן יובילעאום אין דער זעלבער צייט.

עס איז פאַר מיר, באמת, אַ גרויסער פאַרגעניגן זיך צו באַטייליקן — כאָטש מיט געציילטע ווערטער — אין אייער פייערונג און אייך ווינטשן מזל־טוב.

איך האָב באַגעגנט חבר פילאָווסקי מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, ווען ער האָט באַזוכט אונדזער שטאָט און מיר זיינען שטאַרק באַפריינדעט געוואָרן.

מיר האָבן געהאַט לענגערע שמועסן וועגן דער יידישער דערציאונג אין דער פאַרשפּרייטקייט, וועגן יידישן וואָרט, וואָס פאַרלירט זיינע אָפּשאַצער און אויך וועגן גורל פון יידישן שרייבער. חבר פּילאָווסקיס פּערזענלעכקייט האָט מיר אימפּאָנירט מיט זיין מיושבדיקן שכל־הישר און מיט זיין חברישער אָפנהערציקייט.

ער זעט אונדזערע יידישע פּראָבלעמען מיט דער געמאָסטנקייט פון אמת.

צו דער געלעגנהייט פון דער טאָפּלטער פייערונג, לכבוד אונדזער חבר יעקב פּילאָווסקי, וויל איך זיך אָנשליסן אין דער גרויסער רייע פון זיינע פריינט און פאַרערער און אים ווינטשן, נאָך אַ סך יאָרן פון שרייבערישער און געזעלשאַפטלעכער שעפערישקייט. זיין וואָרט וואָס ער האָט נאָך צו זאָגן, זאָל ווערן נאָך מער וואָגיק, ווייל אַ כלל האָבן מיר, אז תלמידי חכמים כל מה שמזקינים דעתם מתישבת עליהם.

מיט די בעסטע וואונטשן צום בעל־היובל און זיין משפחה און צום גאַנצן ישוב אייערן!

אייער פריינט,

**יוסף בערמאַן.**

---

## איסר גאָלדבערג — ניו־יאָרק

געזעלשאַפטלעכער קאָמיטעט לכבוד דעם שרייבער יעקב פּילאָווסקי, ישראל פּאָלאַק — פּרעזידענט, שלמה באַכראַך — סעקרעטאַר!

פריינט יעקב פּילאָווסקי איז אַ האַרציקער, איידעלער, קולטורעלער מענטש און פיינער שריפטשטעלער.

איך האָב דעם חבר פּילאָווסקי געטראָפן אין טשילע און זיך באַפריינדעט מיט אים אין ניו־יאָרק.

חבר יעקב פּילאָווסקי האָט באמת פאַרדינט די פייערונג צו זיין זעכציק־יאָריקן געבוירנטאָג, וואָס דער געזעלשאַפטלעכער קאָמיטעט אין טשילע אַראַנזשירט פאַר אים.

איך, פון מיין זייט — ווינטש דעם חבר פּילאָווסקי פיל געזונטע יאָרן צוזאַמען מיט זיין משפחה און ווייטערדיקע שרייבערישע שעפערישקייט.

אייער,

**איסר גאָלדבערג,**

פאַרוואַלטער פון פאַרלאַג „ציקאָ" אין ניו־יאָרק.

**מ. גינזבורג** — מאָנטרעאָל

## צו דעם יום־טוב
## פון יעקב פילאָווסקי

אז יעקב פילאָווסקי איז אַ בירגער אין דער יידישער שפּראַך און קולטור, איז שוין לאַנג באַקאַנט, און צוליב אזא „אנטדעקונג" האָט מען זיכער ניט געדאַרפט וואַרטן גאַנצע זעכציק יאָר...

פילאָווסקי האָט אָבער באַוויזן, זיצנדיק אין סאַנטיאַגאָ, טשילע, אָנ־שלאָגן אַ טאָן אין דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור, און פאַרנעמען אַ חשובע פּאָזיציע אין דער גאַנצער שרייבערישער משפּחה, וואָס שרייבט פון רעכטס אויף לינקס, הגם ער האָט אויך, מיט יאָרן צוריק, פּרובירט שרייבן פון לינקס אויף רעכטס...

אין פילאָווסקין לעבן תמיד צוויי נשמות, אַ יידישע און אַ וועלט־לעכע. ער האָט אָבער פוןביידע נשמות „אויסגעשמידט" איין „נשמה־יתירה", וועלכע איז געוואָרן שטאַרק פאַרוואָרצלט אין אונדזער גאַנצער מענטאַליטעט, אין אונדזער דענקונג און שאַפונג.

פילאָווסקיס אומרואיקער גייסט האָט אים שוין אייניקע מאָל געפירט צו די ברעגן פון צפון־אַמעריקע, און צו אַנדערע לענדער. ניט איין מאָל זיינען זיינע מחשבות געווען פאַרוועבט אין דער אידעע פון אַרויסשווימען אויף דער ברייטער וועלט, אָנשלאָגן אַ העכערן טאָן, און פאַרמעסטן זיך צו העכערע הימלען, אָבער ווי זאָגט דאָרט אַ רוסישע וואָרט: „סוזשדעני נאַם באָלשיע פּאָריווי, נאָ ניקאַק איך רעשיט נע דאַנאָ" — עס ווילט זיך אַ שטייג טאָן אין די הימלען, אָבער די פליגל דערלאָזן ניט צו טאָן דאָס...

יעקב פילאָווסקי איז אָבער גייסטיק אַ בירגער פון דער וועלט, ווייל זיין האַרץ איז אָפן, און יעדע יידישע געשעעניש, וואו די זאָל נישט פּאַ־סירן, קריגט אַן אָפּשפּיגלונג אין זיין נשמה... פילאָווסקי איז דער מענטש פון בוך, פון פּעדער, פון מחשבה, פון מעשים. נאַטירלעך איז ער, ווי אַלע אונדזערע חברים פון שרייבער־צעך, שטענדיק באַלאָדן מיט אייגענע זאָרג, מיט אייגענע פּראָבלעמען, וואָס מיידן ניט אויס קיינעם פון אונדז. אָבער בשעה שהשכינה שוררת עליו — איז ער אַן אַנדער פילאָווסקי. דאַן זעט ער זיין גאָט אין די הימלען. דאַן שוועבט ער צווישן גייסטער, און ער ווערט אַליין געלייטערט און געהיילט פון זיין אייביקן דראַנג נאָך עפּעס נייעס, עפּעס שעפערישעס, עפּעס יידישעס.

מיין וויניקייט האָט געהאַט צוויי מאָל די געלעגנהייט צו טרעפן זיך

פנים אל פנים מיט קאָלעגע פּילאָווסקי, אוןביידע מאָל ביי אונדז אין רעדאַקציע פון „קענעדער אָדלער". עס איז, אָבער געווען אַ היבשער מהלך צווישן איין באַגעגעניש און דער צווייטער. עס איז געקומען דאָס מאָל אַ נייער פּילאָווסקי, אַ רייפערער, אַ מער אויסגעהאַלטענער, אַ קאָנסעקווענ־טער מענטש, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן דין וחשבון פון דעם יידישן מצב אין די לעצטע קנאַפּע צוואַנציק יאָר, און ער האָט זיך פיל געביטן... ער איז צוגעקומען נאָענטער צום תוך פון יידישקייט, ער האָט אָנגערירט דאָס סאַמע הייליקסטע אין יידישן לעבן, און די אַלטע יידישע ירושת אבות האָט אים פאַרכאַפּט מיט פולער קראַפט...

פאַר דעם קליינעם יידישן ישוב אין סאַנטיאַגאָ, איז פּילאָווסקיס אָנ־וועזנהייט אַ גרויסער געווינס... פּילאָווסקי האָט ליב זיינע טשילענער יידן. ער האָט אַ ברייט הארץ פאַר אַלעמען און פאַר אַלץ, וואָס איז קאָנסטרוק־טיוו און שעפעריש אין אונדזער לעבן. ער פאָלגט נאָך יעדע געשעעניש, און האָט שטענדיק זיין אָריגינעל וואָרט צו זאָגן.

דעריבער קומט גרויס אָנערקענונג, ניט אַזוי דעם חתן־היובל, וואָס האָט אָפּגעלעבט אַ שאָק מיט יאָרן, און איז דאָך ניט מער אָפּגעפּאָרן ערשט אַ העלפט פון זיין לעבן, נאָר דעם געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט לכבוד פּילאָווסקין, וועלכער האָט פאַרשטאַנען, אַז עס איז דאָך אַ דאַטע, וואָס פאַרדינט אויפמערקזאַמקייט, און געקומען צו דער מסקנא פון פראַווען אַ יובילײ. מיר באַגריסן אויך די אינסטיטוציעס און חברות, וואָס זיינען אָנ־געשלאָסן אין דעם קאָמיטעט, ווייל „ברוב עם הדרת מלך"...

אייער ישוב האָט שוין לאַנג ניט געהאַט קיין אָריגינעלן, אייגענעם יום־טוב... די אַלע יום־טובים, וואָס מען פייערט לכבוד מגבית, לכבוד פאַרשיידענע צוועקן, זיינען 99 פּראָצענט פאַרבונדן, מיט ענינים, וואָס גייען אַרויס פון די ראַמען פון טשילע. הלילה הזה — דאָס מאָל וועט סאַנטיאַגאָ פייערן אַן אייגענעם, באַשיידענעם יום־טוב, און וואָס עס איז אייגנס, — איז טייער און אָנגענעם...

איך האָף, אַז מען וועט ניט דאַרפן שטעלן די פראַגע: „במה מדלי־קין?" — מיט וואָס צינדט מען אָן די פאַנטאַזיע פון די אַלע פריינט, פון די אַלע קולטור־מענטשן, פון די אַלע, וואָס האָבן אַ חוש פאַר ליטע־ראַטור, אַז זיי זאָלן זיך מיטן גאַנצן האַרצן באַטייליקן אין דעם יום־טוב, סיי מיט זייער וואָרט, און סיי מיט זייער לייסטונג.

יעקב פּילאָווסקי האָט דאָס פאַרדינט, און דאָס יובל־בוך דאַרף ווערן

א. וויכטיקער, קולטורעלער בייטראָג צום גאַנצן יידישן קאָלעקטיוו אין טשילע.

אַלע צוזאַמען דאַרפן זיין „מחותנים” אויף דער גרויסער שמחה. וואָרט ניט אויף בלומען, ווען זיי זיינען שוין איבעריק און אָפּטמאָל איבל־דיק... טראָגט אייערע בלומען איצט. געפינט אַ וואָרט, אַ האַרציק וואָרט פאַר איינעם, וועלכער שטייט שוין צענדליקער יאָרן אין צענטער פון יידישן קאַמף פאַר אַ שענערע, ליכטיקערע צוקונפט.

נעמט אָן, קאָלעגע פּילאָווסקי, אַלע ברכות, וואָס קומען אייך, ואל תהא ברכת הדיוט קלה בעיניך...

מיין האַרציקע ברכה צום פּרעזידענט ישראל פּאָלאַק און סעקרעטאַר שלמה באַכראַך, והלואי שתשרה שכינה במעשי ידיכם.

מיט קאָלעגיאַלן גרוס צו אייער גאַנצן ישוב, צו אייער קאָמיטעט,

**מ. גינזבורג.**

---

## י. ל. גרוזמאַן — בוענאָס־איירעס

צום געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט לכבוד דעם שרייבער י. פּילאָווסקי.

זייער חשובע פריינט!

אייער איינלאַדונגס־בריוו צו באַטייליקן זיך אין יובל־בוך, וואָס איר גיט אַרויס לכבוד דעם זעכציק־יעריקן יובליי פון פאַרדינסטפולן שרייבער און קולטור־עסקן יעקב פּילאָווסקי, האָט מען מיר די טעג איבערגעגעבן פון בוענאָס־איירעס קיין ניו־יאָרק, וואוהין איך בין אָקאָרשט אָנגעקומען פון מיין דריי־חדשימדיקער, וואונדערלעכער רייזע איבער מדינת־ישראל און אייראָפּע.

און הגם איך בין איבערפולט מיט עמאָציעס און באַגייסטערטע איי־בערלעבונגען פון אַ יידן, וואָס האָט מיט די אייגענע אויגן געזען דעם ווידערגעבורט פון זיין פאָלק אין לאַנד פון די אבות — און איך בין נאָך דערצו פאַרטרודט מיט אַרומרייזן איבער די פאַראייניקטע שטאַטן און האַלטן דרשות פאַר אחינו בני־ישראל — קאָן איך דאָך זיך ניט אָפּזאָגן פון אָנטייל צו נעמען, כאָטש מיט אַ פּאָר געציילטע שורות, אין אַ בוך, וואָס ווערט אַרויסגעגעבן לכבוד אַ וויכטיקן און קריסטאַל־ריינעם מענטשן, וואָס איז יעקב פּילאָווסקי.

יעקב פילאָווסקי איז יאָרן לאַנג געווען אַן אידעאַליסטישער לערער און מחנך. ער האָט זיין אַרבעט געטאָן בתמימות און מיט געוויסן. און די דאָזיקע אייגנשאַפט זיינע האָט אים אויך שפּעטער געדינט ווי אַ ליכט ביים שרייבן זיינע צענדליקער און הונדערטער אַרטיקלען, וואָס האָבן גע־צילט צו שטאַרקן און קרעפטיקן דאָס יידישע קולטור־לעבן אין גאָר דער וועלט.

ער איז שטענדיק געשטאַנען אויף דער וואַך פון אונדזער לעבן, און ווי אַ געטרייער שומר זיך באַמיט צו היטן און אָפּהיטן אַלע אונדזערע, מיט שווערע מי דערוואָרבענע, קולטור־פּאָזיציעס.

י. פּילאָווסקי איז קודם־כל אַן איידעלער, גוטהאַרציקער און ליבער מענטש. די דאָזיקע גוטסקייט און איידלקייט גייט נאָך געפּאָרט מיט מעשים־טובים בכל יום ויום, מעשים־טובים, וואָס שטראַלן אויך אַרויס פון אים צו קאָלעגן, קולטור־עסקנים און שליחי־מצוה, וועלכע באַזוכן אייער לאַנד, און געפינען אין אים, אין פּילאָווסקין, אַן אָנשפּאַר און אַרויסהעלפער פאַר אַלע יידישע קולטור־ און פאָלקס־אינטערעסן — אַזאַ טיפּ ייד, אַזאַ מין עסקן־עקזעמפּלאַר און איידעלער שרייבער, דערהויבט זיין אייגן לעבן צו גאָר אַ הויכע מדרגה, וואָס מעג און דאַרף דינען ווי אַ ביישפּיל און מוסטער פאַר אַ סך פון אונדז — לערנען זיך גיין אין זיינע דרכים...

דער מענטש, וואָס שטייט הינטער און אונטער דעם שע־פערישן וואָרט, איז דער סאַמע עקר.

און י. פּילאָווסקי איז אַ ריינער און לויטערער מענטש. ער איז אַ ייד מיט אַ וואַרים מענטשלעך האַרץ, וואָס טוט זיין שרייבערישע און קולטור־עבודה מיט אַ סך ערנסט, אחריות און געוויסן. און דאָס איז דער גרעסטער שבח — אַן עשירות, וואָס מען קען מיט קיין מיליאָנען נים פאַרבייטן.

איך קאָן אים זייער גוט, דעם ליבן חבר יעקב פּילאָווסקי, איך קאָן די ליכטיקע און די שאָטנדיקע זייטן פון זיין שעפערישן לעבן און וויים דעריבער:

וואָלט יעדער יידישער ישוב פאַרמאָגט אַ סך אַזעלכע געטרייע און איבערגעגעבענע בויער — וואָלט אונדזער קולטור־לעבן אין די תפוצות גאָר־גאָר אַנדערש אויסגעזען!

זאָלן דעריבער געבענטשט זיין די טשילענער יידישע קולטור־טוער, וואָס האָבן פאַרשטאַנען אָפּצושאַצן, אָנערקענען און דערמוטיקן אַזאַ איידעלן און ערלעכן שאַפער, ווי עס איז י. פּילאָווסקי, און לאָמיר אַלע זוכה זיין צו דערלעבן פייערן זיין זיבעציק־יעריקן געבורטסטאָג אין אַ

וועלט פון שלום און גליק, אין אַ פרייער און באַפרייטער וועלט, וואו יעדער לויטערער און געלייטערטער שאַפנדיקער מענטש, וועט האָבן די מיטלען און מעגלעכקייטן צו זיין מענטש —
דער סימבאָל און די קרוין פון גאָטס שאַפונג אויף דער ערד...

**י. ל. גרוזמאַן.**

---

## דוד גרייסדאָרף — טאָראָנטאָ

געזעלשאַפטלעכער קאָמיטעט לכבוד יעקב פּילאָווסקי, סאַנטיאַגאָ.
זייער חשובע פריינט!

מיר באַגריסן אונדזער בן־עיר און יוגנט־חבר יעקב פּילאָווסקי.
מיר ווינטשן אים אַ סך געזונט און לאַנגע יאָרן פון שעפערישער אַרבעט.

**דוד און מינע גרייסדאָרף.**

---

## בערל גרינבערג — בוענאָס־איירעס

צום געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט לכבוד יעקב פּילאָווסקי.
זייער חשובע פריינט ה"ה ישראל פּאָלאַק און שלמה באַכראַך, סאַנטיאַגאָ־טשילע!

דורך אייך, הארציקע פריינט, בעט איך, אַז איר זאָלט איבערגעבן אונדזער ליבן חבר יעקב פּילאָווסקי, דעם הארציקסטן גרוס, צוזאַמען מיט מיינע פלאַמיקסטע ברכות, צו זיין ווערן, מיט מזל, אַ בן־שישים.

דערלויבט מיר צו דערציילן, אַז מיין באַקאַנטשאַפט מיט אונדזער יובילאַר, האָט זיך אָנגעהויבן אין סעפּטעמבער פון 1935, ווען איך האָב איבערגעלייענט אין „די אידישע פּרעסע" פון סאַנטיאַגאָ־טשילע, אַ רע־צענזיע פון יעקב פּילאָווסקי, וועגן מיין ערשטן בוך דערציילונגען „מאָרגנ־ווינט", ווען אפילו די רעצענזיע, א. נ. „איבערלייענדיק", איז מיר דעמלט ניט געוועזן צו מיין אידעען־געמיט, איז מיר דאָן דער יעניקער, כמעט אומבאַקאַנטער קריטיקער, מיטאַמאָל געוואָרן ליב און אַזוי נאָענט, ווי איך זאָל האָבן געפונען אַ ברודער, פון וועלכן איך האָב זיך נאָר־וואָס דער־וואוסט... איך האָב אַרויסגעפילט פון די געשריבענע שורות, אַז דאָס

האָט געשריבן אַ מענטש, אַ טאַלאַנטפולער שרייבער, וועלכער איז פול ווי אַ מילגרוים מיט קערנער — איז אַזוי דער שרייבער מיט אהבת־האדם, אהבת ישראל און — אהבת יידישע ליטעראַטור! און אין לויף פון צענדליקער יאָרן איז מיין ליבשאַפט צו יעקב פּילאָווסקי, דעם מענטש און שרייבער, נאָך מער אויסגעוואַקסן, ווייל איך און קיינער ניט, האָט זיך אין דעם שרייבער און מענטש ניט גענאַרט און פונקט פאַרקערט: איך האָב זיך איבערצייגט, אַז איך האָב נאָך ניט אָפּגעשאַצט דעם אמתן קוואַנטום ליבשאַפט צום יידישן וואָרט וואָס עס איז פאַראַנען אין דעם מענטש יעקב פּילאָווסקי.

און לאָמיך אייך זאָגן, מיינע ליבע פריינט, אַז צום ערשטן קומט דאָס ערשטע אָרט דעם מענטשן און ערשט שפּעטער קומט דאָס צווייטע אָרט פאַרן שרייבער אין מענטשן. ביי אונדזער יובילאַר גייט דער מענטש און שרייבער געפּאָרט האַנט־אין־האַנט. פּילאָווסקיס טאַלאַנט איז קיינמאָל ניט אין סתירה מיט זיין געוויסן — דאָס יידישע און דאָס אַל־מענטשלעכע!

ביי אַנדערע אומשטענדן, ווען יעקב פּילאָווסקי וואָלט ניט געווען געטיילט דעם גורל פון 95 פּראָצענט יידישע שרייבער און אפשר אויך ניט־יידישע — צו קענען זיך אָפּגעבן מיט זיין קאַטעגאָרישן אימפּעראַטיוו פון ווידמענען זיך אויסשליסלעך דער ליטעראַטור, וואָלט היינט די יידישע וועלט־ליטעראַטור — אין בעסטן באַגריף פון פּשוטן וואָרט — געווען פאַרמאָגט נאָך עטלעכע ביכער רייזע־באַשרייבונגען פון גרויסן היסטאָרישן און ליטעראַרישן ווערט, ווי זיינע רייזע־פאַרצייכענונגען, ווי „די יידן פון קונקאָ”, וואָס דאָס איז ממש אַ קאָלומבוס־אַנטדעקונג אויפן שטח פון יידיש־וועלט...

זאָל זשע ביים סוף פון יעקב פּילאָווסקיס אַלט־יונג־ווערן זעכציק יאָר, פאַר אים אויסגעבעטן ווערן די אַנדערע זעכציק מיט אַ סך געזונט און מיט די בעסטע מעגלעכקייטן צו דערוואַרטן פון אים נאָך רייזע־באַשרייבונגען פון דער יידישער וועלט און פון ארץ־ישראל — מדינת־ישראל, וואו ער איז, אַמאָל, מיט טויזנטער יאָרן צוריק, געוועזן... און לעצטנס נאָך ניט געוועזן...

עס וואַרטן אויף זיי, אויף די רייזע־באַשרייבונגען, יידישע אַנטאָלאָגיעס און יידישע כרעסטאָמאַטיעס!

לאַנג לעבן זאָל, אייער־מיינער, יעקב פּילאָווסקי!

בערל גרינבערג.

## אליעזר דורון, ישראל־אַמבאַסאַדאָר אין טשילע

זייער געערטער פריינט פּילאָווסקי!

דער געזעלשאַפטלעכער קאָמיטעט לכבוד אייער 60־יעריקן יובילעאום האָט אונדז, מיין פרוי און מיך, איינגעלאַדן צום קולטור־יום־טוב, וואָס ווערט איינגעאָרדנט לכבוד אייער געבורטס־טאָג. מיר נעמען אָן מיט פאַר־געניגן די איינלאַדונג און וועלן קומען צום יום־טוב.

איך פיל אַן אינערלעכע נויטווענדיקייט אייך צו באַגריסן אויך אויף דעם אופן און אייך זאָגן ווי הויך איך שעץ אָפּ אייער צושטייער צום אויפ־האַלטן און אַנטוויקלען פון דער יידישער קולטור אין אָט דעם לאַנד, אין טשילע. אונדזער באַקאַנטשאַפט איז אַ קורצע, אָבער אין משך פון דער צייט האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט צו דערקענען דעם שווערן און שטיינער־דיקן וועג וואָס איר האָט אויף זיך גענומען צו גיין. מיר לעבן נישט מער אין די גרויסע יידישע צענטערן, וועלכע זיינען געווען באַלאָדן מיט טיפער יידישער קולטור, רייך מיט ישיבות און בתי־מדרשים, תלמידי־חכמים, רבי־נים, רבים, יידישע פּרעסע און ליטעראַטן, יידישע טיף־פאַרוואָרצלטע פאָלקס־מאַסן, ברייטע ציוניסטישע און חלוצישע באַוועגונגען, גאַסן פול מיט יידישער חכמה און גייסטיקן שאַפן. מיר האָבן דאָס אַלעס פאַרלוירן און צום גליק געהאַט דעם מוט, גייסטיק און פיזיש, אָנצוהויבן פון ס'ניי און בויען ווידער אַ יידיש נאַציאָנאַל לעבן אין ישראל און אין די תפוצות. מענטשן ווי איר, אין וועלכע עס ברענט דאָס פייער פון אהבת־ישראל, קע־נען טראָגן ווייטער דעם פאַקעל פון יידישן לעבן און יידישן געניוס, כדי צו באַקעמפן די געפאַר פון אַסימילאַציע, עם־הארצות און מאַטעריאַליזם.

איך ווינטש אייך אריכת ימים און געזונט און וואָס נאָך וויכטיקער: עס זאָל אייך מער נישט געשען אַז איר זאָלט מוזן שרייבן: „איך האָב מיינע טורעמס געבויט, צום הימל די הויך, און זיי זיינען צו מיינע פיס געפאַלן". לעבט מיט דער אייביקער יידישער אמונה אַז מיר וועלן נאָך בויען אַ סך הויכע, פעסטע, געזונטע טורעמס פאַר אַ גרויסן, געזונטן, קרעפטיקן יידישן פאָלק אין מדינת־ישראל און אין די תפוצות.

עוד נראה בנחמת ישראל!

מיט הארצלעכן גרוס,

אליעזר דורון,

אַמבאַסאַדאָר פון ישראל.

## משה דלוזשנאָווסקי — ניו־יאָרק

חשובער יובל־קאָמיטעט און חשובע פריינט!

דעם פיינעם דערציילער יעקב פילאָווסקי, צו זיין זעכציק־יעריקן יובל, מיינע האַרציקסטע וואונטשן. פּרוכטבאַרע, שעפערישע יאָרן און אַ סך פרייד.

**משה דלוזשנאָווסקי.**

---

## שרה האַמער זשאַקלין — ניו־יאָרק

צום געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט לכבוד דעם שריפטשטעלער, יעקב פילאָווסקי.

ליבע פריינט!

דערלויבט מיר אָנצושליסן זיך אין די פילע פריינט פון י. פילאָווסקי, דעם טאַלאַנטפולן שריפטשטעלער און כלל־טוער.

אין דער צייט, וואָס איך האָב געהאַט די פריווילעגיע זיך צו באַקע־נען פערזענלעך מיט יעקב פילאָווסקי, האָב איך דערקענט אין אים, אַ פיינעם מענטש, אַ וואַרימען ייד און אַ טייערן קאָלעגע. איך וויל אים האַרציק באַגריסן צו זיין זעכציק־יעריקן יובל און ווינטש אים, אַ סך, אַ סך שעפע־רישע, גליקלעכע יאָרן.

מיט דרך־ארץ, אייער,

**שרה האַמער דזשאַקלין.**

---

## יואל זשעלעניעץ — מאָנטעווידעאָ

חשובער באַערונגס־קאָמיטעט, פּרעזידענט ישראל פּאָלאַק, און סעקרע־טאַר שלמה באַכראַך, סאַנטיאַגאָ דע טשילע.

זייער געשעצטע פריינט!

איך שליס זיך אָן מיטן גאַנצן האַרצן אין דער גרויסער איניציאַטיוו, וואָס אייער חשובער קאָמיטעט האָט אונטערגענומען צו פייערן דעם זעכ־ציק־יעריקן יובילעאום פונעם טשילענער יידישן תושב, געזעלשאַפטלעכן

עסקן און שרייבער — יעקב פילאָווסקי, מיטן אונטערטראָגן אים אַ שיינע און דערהויבענע מתנה: אַ בוך פון זיינע נייסטע שאַפונגען.

ווייל איך קודם־כל אויסדריקן אייך — דעם קאָמיטעט — מיין טיפסטע אָנערקענונג און יישר כח, וואָס איר גיט אַ מעגלעכקייט, אַז אַ ליטעראַריש ווערק זאָל דערשיינען אין דער עפנטלעכקייט. דאָס אַליין איז שוין אַן און פאַר זיך, אַ גרויסע קולטור־דערגרייכנונג אינעם יידישן לעבן, און אַלס אַזעלכע דאַרף זי פון אַלעמען אויפגענומען און אָפּגעשאַצט ווערן מיט פיל פאַרשטענדעניש.

חוץ דעם, איז אַזאַ באַערונגס־טאַט אויך אַן אויסדרוק פון ליבע און באַציאונג צום ערלעכן געזעלשאַפטלעכן עסקן, צום געשריבענעם און געדרוקטן יידישן וואָרט, צום יידישן בוך און צום יידישן וואָרט־זאָגער און שרייבער.

דער יידישער שרייבער, וואָס מוז אַליין גיין זיין אייגנאַרטיקן שאַפונגס־וועג, אַ וועג וואָס איז אָפּטמאָל פון אַלעמען פאַרלאָזן, פול מיט שטרויכלונגען און דערנער — וועט זיכער געפינען אַ גרויסן סטימול אין זיין ליטעראַרישער מיסיע, ווען אַ קאָמיטעט נעמט אונטער אַרויסצוגעבן זיינס אַ ווערק.

דאָס איז אויך אַ נאָבעלער און הומאַניטאַרער אַקט פון פריינטשאַפט און חברישקייט צו איינעם, וואָס איז אַ טרייער מיטבויער און מיטקעמפער פונעם געגעבענעם ישוב.

זאָל דער דאָזיקער שיינער טאַט פון אייער באַערונגס־קאָמיטעט, דינען אַלס ביישפּיל פאַר אַנדערע יידישע ישובים, אויסער די גרעניצן פון טשילע.

געבענטשט זאָלן זיין די הענט, וואָס טוען פּראָדוקטיוו־געזעלשאַפטלעכע, נאַציאָנאַלע, ליטעראַרישע אַרבעטן, און געבענטשט זאָל זיין אייער קאָמיטעט, וואָס שאַצט אָפּ די גרויסע אָנשטרענגונגען און שאַפונגען פון יידישן שרייבער און וואָס שטרעקט אים אויס אַ ברידערלעכע האַנט פון פריינטשאַפט און חברישקייט, און העלפט אים, אַזוי אַרום, פאַרווירקלעכן זיינס, און אויך אייערס, אַ שיינעם חלום.

*

*  *

און איצט אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם בעל־יובל גופא. אָבער קודם לאָמיר דאָ אויפדעקן אַ סוד, אַז ביז היינט איז מיר נאָך ניט אויסגעקומען צו קענען פּערזענלעך דעם פריינט יעקב פילאָווסקי.

די פילע גרוסן אָבער, וואָס כ'האָב אָפּגענומען וועגן אים און דאָס אריינקוקן אָפּט אין זיינע ליטעראַרישע שאַפונגען, גיט מיר דאָס רעכט צו זאָגן אַ פּאָר וואַרימע ווערטער וועגן דעם יובילאַר.

זאָל גלייכצייטיק מיין איצטיקע ברכה פאַר אים, אויך דינען ווי אַ פּאַרלויפער — אַן אַוואַנס אַזאַ — צו אונדזער פּערזענלעכער פריינטשאַפט, וואָס וועט האָפנטלעך קומען.

דער פריינט י. פילאָווסקי איז איצט געוואָרן אַ בן־שישים. איז דאָס טאַקע אַ פּאַסיקע געלעגנהייט פאַר צו ווינטשן אים אַלע גוטע זאַכן.

זעכציק יאָר אין לעבן פון אַ פּאָלק איז אַ קליינער עפּיזאָד, אָבער אינעם לעבן פון אַ יחיד איז דאָס אַ וויכטיק און דעציזירנדיק קאַפּיטל.

כ'וואָלט געזאָגט, אַז זעכציק יאָר אין לעבן פון אַ יחיד איז אַ סטאַנציע אינעם מיטן וועג, וואָס פירט צו די מאה ועשרים שנה, אַלענפאַלס אַ טיפּער יידישער וואונטש איז דאָס זיכער.

ביי אַזאַ געלעגנהייט וועט דער מענטש און בפרט דער יידישער יחיד, זיכער אַ קוק טאָן הינטער זיך, אויפן לאַנגן וועג, וואָס ער איז דורכגעגאַנגען, אונטערציען אַ שטיקל סך־הכל פון זיינע דורכגעמאַכטע לעבנס־יאָרן און זיך שטעלן דערביי אייניקע פראַגן: צי האָט ער זיינע יאָרן ניט געפּטרט אויף נאַרישקייטן? צי האָט ער זיין לעבן געגעבן אַ זין און אינהאַלט? צי איז ער געווען טעטיק אויפן געזעלשאַפטלעכן, נאַציאָנאַלן גע:ביט? און אויב ער איז באַשאָנקען מיט אַ שרייבערישער מוזע, צי איז ער געווען פרוכטבאַר אויך אויפן ליטעראַרישן געביט?

י. פילאָווסקי וועט מסתמא זיך אַליין פרעגן די אַלע פראַגן, און ער וועט קאָנען באמת זיין צופרידן מיט די באַקומענע ענטפערס, ווייל זיין פּריוואַט לעבן איז תמיד פאַרבונדן אָרגאַניש מיטן לעבן פון יידישן כלל, מיטפילנדיק טיף אַלע זיינע פריידן און ליידן, פּונקט ווי ער איז תמיד אַרבעטסזאַם און שעפעריש אויף פיל שטחים פונעם יידישן לעבן.

אַלס יידישער קולטור־מענטש און שרייבער, טראָגט פילאָווסקי הויך די פאָן פונעם באַפליגלטן יידישן וואָרט אין דינסט פון דער יידישער זאַך.

און ווען מיר ריידן וועגן יעקב פילאָווסקי, דעם ערלעכן געזעלשאַפט לעבן עסקן, דעם ענטוזיאַסט, דעם קולטור־מענטש און בן־תורה, דעם באַגאַבטן זשורנאַליסט און שרייבער, דאַרף מען אויך צושרייבן גוטע יידישע מדות, מיט וועלכע ער איז באַשאָנקען, ווי אהבת ישראל, האַרציקייט, מסירת־נפש, באַציאונג צו מענטשן און אָפּשאַצונג פון פּאָזיטיווע ווערטן.

י. פילאָווסקי האָט אַ וואַרימע באַציאונג צו זיינע ברידער, פריינט,

חברים און צו ערלעכע מענטשן בכלל, און שאצט אפ יעדע פאזיטיווע דערשיינונג.

די דאזיקע אלע עלעמענטן העלפן געשטאלטיקן די איינהייטלעכע פילאווסקי־פערזענלעכקייט, און קומען צום אויסדרוק אין אלע זיינע מעשים און באזונדער אין זיינע ליטעראַרישע אַרבעטן.

אלס פען־מענטש, שרייבט ער מיט פארנעם, אינטעליגענץ און געזונ־טער לאגיק. זיינע שאפונגען פארמאגן בילעדרישקייט, אינהאלט און סטיל, און זיינען גלייכצייטיק דורכגעדרונגען פון דינע פעדים פון נשמהדיקייט און געפיל.

און ווען י. פילאווסקי וועט ביי דער געלעגנהייט, פון פייערן זיין 60סטן געבוירן־טאג, אונטערציען א שטיקל סך־הכל פון זיינע ערשטע 60 יאר לעבן און שאפן, ווי מיר האבן שוין דאס פריער דערמאנט, וועט ער דעריבער מיט א ריינעם געוויסן און געהויבענעם קאפ קאנען קוקן מיט צופרידנקייט אין דער צוקונפט.

מיר, פון אונדזער זייט, ווינטשן דעם בעל־יובל, אז ער זאל געזונטער־הייט, ווייטער שפאנען זיין וועג — דעם יידישן וועג, דעם צווייטן האלב־וועג פון זיין רייכן און דינאמישן לעבן.

זאל ער פונקט ווי ביז איצט, אויך אויף ווייטער, זיך אפגעבן מיט דער זעלבער התמדה זיין ליטעראַרישער יצירה, און זאל עס אים פירן, צו אלץ גרעסערע דערפאלגן און נצחונות.

אלזא, פריינט און קאלעגע, יעקב פילאווסקי, האט פיל גליק, געזונט, פראספעריטעט, הצלחה און אריכת ימים ושנים, צוזאמען מיט אייער ליבער פרוי, משפחה און אלע נאענטע.

זאל אויך דאס בוך אייערס, וואס דער ספעציעלער באערונגס־קאמי־טעט גיט איצט ארויס, געבוירן ווערן אין א מזלדיקער שעה.

מיט די בעסטע און הארציקסטע ברכות פאר אייך אלעמען, אייער,

**יואל זשעלעניעץ.**

---

## שעיה טענענבוים — ניו־יארק

חשובער פריינט און קאלעגע, יעקב פילאווסקי!

איך וויל זיך אנשליסן אין די אלע פריינט, וועלכע האבן אייך, צו אייער זעכציק־יעריקן געבורטסטאג, צוגעטראגן זייערע וואונטשן.

איך גרים אייך פון הארצן און ווינטש אייך נאָכאַמאָל אַלדאָס גוטס.
מיט דרך ארץ, פון אייער,

**שעיה טענענבוים.**

---

## דניאל טשאַרני — באָסטאָן

### יעקב פילאָווסקי — דער פולבאַרעכטיקטער בירגער פון „יידישלאַנד"!

עס איז פאַר מיר אַן אמתער נחת־רוח, צו קאָנען באַגריסן עפּנטלעך אונדזער פריינט און קאָלעגע, יעקב פילאָווסקי.

איך האָב צו פילאָווסקין א סך סאַנטימענטן, וועלכע איך וועל דאָ אויסרעכענען פונקטנווייז:

ערשטנס, איז יעקב פילאָווסקי א ווילנער און יעדער יידישער שרייבער און כלל־טוער, וואָס איז א געבוירענער, אָדער א געוואָרענער ווילנער, איז מיר איינגעבאַקן אין הארצן.

סיי דער אַלטער שרייבער יהושע מזח, וואָס פלעגט צושטעלן דער דרוקעריי פון דער אלמנה והאחים ראָם, תחינות און „סלמנדרא־ביכעלעך", צו איין רובל א שטיק, און סיי דער גאָר יונגער שמערקע קאַטשערגינסקי פון „יונג־ווילנע", זיינען געווען מיינע בעסטע פריינט.

פאַרשטייט זיך, אַז צווישן מזחן און קאַטשערגינסקין, זיינען געווען אין ווילנע נאָך עטלעכע הונדערט שרייבער און כלל־טוער, וואָס אַלע פון זיי זיינען שוין, ליידער, אויפן עולם־האמת, און דערפאַר טאַקע זיינען מיינע סאַנטימענטן צו די אָפּגעראַטעוועטע ווילנער א סך גרעסער און שטאַרקער, ווי זיי וואָלטן געווען אין נאָרמאַלע צייטן.

און אונדזער יעקב פילאָווסקי איז איינער פון די געציילטע ווילנער, וואָס האָבן זיך באַצייטנס אָפּגעטראָגן פון דער אַלטער היים אונדזערער.

צווייטנס, האָט זיך פילאָווסקי באַצייטנס אָפּגעזעצט אין אַזאַ מין מדי־נה, וואָס פון יידישן שטאַנדפּונקט איז נאָך די דאָזיקע מדינה געווען פאַר אונדז א קרקע בתולה.

האָט פילאָווסקי אַריינגעקנאָטן אין דעם ניי־אויפגעקומענעם יידישן ישוב פון טשילע, זיין ווילנער אימפּעט און זיין גייסטיקן באַגאַזש, וואָס

ער האָט געהאַט מיטגעבראַכט פון דער אַלטער היים און אַזוי אַרום איז דער יידישער ישוב פון טשילע איינגעגלידערט געוואָרן אין אונדזער „יידיש־לאַנד". פּילאָווסקיס ערשטער בוך „פון טשילע", איז געווען פאַר דער יידישער ליטעראַטור אַ נייע אַנטפּלעקונג.

זיין צווייטן בוך „איבער וועגן", וואָס איז דערשינען צו פּילאָווסקיס פופציקסטן געבורטסטאָג, איז פון שרייבערישן שטאַנדפּונקט נאָך אַ גרעסערע דערגרייכונג, ווי זיין ערשטער בוך, ווייל אין דעם צווייטן בוך האָט ער געהאַט מער מעגלעכקייטן צו אַנטפּלעקן זיין גאַנצע שרייבערישע געשטאַלט.

מער נישט די לעצטע טייל פון זיין בוך — די רייזע־איינדרוקן פון נאָרד־אַמעריקע — האָבן מיך אַנטוישט, ווייל איך האָב דערזען אין זיי יענעם לינקן אָפּנייג, וואָס פּאַסט זיך ניט פאַר אַזא וועלט־יידן ווי יעקב פּילאָווסקי.

דריטנס, זיינען מיינע סאַנטימענטן צו פּילאָווסקין ווידער געשטיגן, ווען איך האָב ביי זיין באַזוך, אין מיין באָסטאָנער שפּיטאָל (דעם 5טן פעברואר 1958) דערהערט פון אים פּערזענלעך, אַז ער האָט זיך שוין לאַנג אָפּגעטרייסלט פון זיינע „חטאת־נעורים" און די לינקע פּאָליטיק איז שוין איצטער נישט מער זיין „דזשאַב", ווי מען זאָגט אין אַמעריקע.

פרייט מיך באמת, וואָס יעקב פּילאָווסקי קאָן צו זיין זעכציקסטן געבוירנטאָג ווידעראַמאָל אויפגענומען ווערן ווי אַ פּאָלבאַרעכטיקטער בירגער פון אונדזער „יידיש־לאַנד", וואָס האָט פאַר די לעצטע צוואַנציק יאָר, פאַרלאָרן אירע זאַפטיקסטע און פרוכפּערדיקסטע „קאָלאָניעס" אין מזרח־אייראָפּע.

איז אונדזער האָפענונג, איצטער, אויף די ניי־אויפגעקומענע יידישע ישובים פון דרום־און צענטראַל־אַמעריקע.

און נאָך מער בין איך צופרידן, וואָס טשילע פאַרמאָגט שוין איצטער אַ גאַנץ פיינע און אַקטיווע יידישע אינטעליגענץ, וועלכע ווייס ווי געהעריק אָפּצושאַצן אירע פּיאָנערן, וואָס איינער פון זיי — און גראָד דער וויכטיקסטער — איז יעקב פּילאָווסקי, זאָל געזונט זיין מיט פרוי און קינדער.

קאָנט איר מיין באַגריסונג פאַרלייענען אויף דעם יובל־אָוונט לכבוד פּילאָווסקין און איר קאָנט אויך מיין באַגריסונג אַריינגעבן ווי אַן אַריינפיר צו זיין נייעם בוך — כאָטש איך פּערזענלעך האַלט, אַז יעקב פּילאָווסקיס נייער בוך נייטיקט זיך ניט אין קיינע שום אַריינפירערס, אָדער אונטערפירערס.

זיינע ערשטע צוויי ביכער, פון און וועגן טשילע, זיינען דאך די בעסטע אונטערפירערס זיינע.

ווי עס זאל ניט זיין — ווינטש איך, סיי דעם יובילאר, סיי די אלע, וואס זארגן זיך פאר דער אויסגאבע פון דעם נייעם יובל־בוך — א סך געזונט, דערפאלג און נחת־רוח.

אייער אלעמענס,

## דניאל טשארני,

„סיניי״־שפיטאל, באסטאן, סוף נאוועמבער 1958.

---

## חיים לאזדייסקי — מעקסיקע

געזעלשאפטלעכער קאמיטעט לכבוד דעם שרייבער יעקב פילאווסקי, אלס באערונג צו זיין זעכציק־יעריקן יובילעאום, סאנטיאגא, טשילע.

זייער חשובע חברים און פריינט!

פאר מיר איז באמת א פארגעניגן און א גרויסע סאטיספאקציע צו קענען הארציק באגריסן מיין ליבן פריינט און קאלעגע, יעקב פילאווסקי, צו זיין ווערן א בן־שישים, אין א מזלדיקער שעה. און דאס פאסירט טאקע צוליב צוויי סבות:

ערשטנס, איך האב געהאט דעם כבוד צו אבסערווירן פון דער נאענטן יעקב פילאווסקים לאנג־יאריקע און פרוכטבארע טעטיקייט אין טשילענער יידישן ישוב. איך האב באקומען זיינע ביכער און אויך געהאט די געלעגנהייט אים פערזענלעך צו קענענלערנען, בעת זיין באזוך אין מאנטעווידעא, ווען איך בין דארטן געווען א תושב.

צווייטנס — איך בין נאך מיט לייב און לעבן געקניפט און געבונדן מיט דעם יידישן ישוב אין דרום־אמעריקע און איך וויל האפן, אז אין עטלעכע חדשים ארום וועט מיר זיין מעגלעך זיין צו גאסט ביי אייך, ווען איך וועל מאכן א רייזע איבער די דרום־אמעריקאנער יידישע קבוצים.

יעקב פילאווסקים פילזייטיקע טעטיקייט אין דער יידישער קולטור־באוועגונג פון אייער ישוב, אין דער טשילענער יידישער פרעסע און אין איר יונגער ליטעראטור, איז ווערט הארציק באגריסט צ ווערן. נאר א דאנק די דאזיקע אומדערמידלעכע בויער און שאפער, א דאנק די ענערגיישע קולטור־פיאנערן פון די דרום־אמעריקאנער יידישע ישובים, איז געווען

מעגלעך, אז דער יידישער ישוב פון טשילע זאל אוועקגעשטעלט ווערן אויף דער יידישער וועלט־מאפע, אויף אן ערן־פלאץ, ווי ער האט דאס כשר פארדינט.

איך ווינטש מיין חשובן קאלעגע און פריינט יעקב פילאָווסקי, צו זיין זעכציק־יעריקן יובילעואם, וואס ווערט איצט געפייערט דורך דער יידישער קולטור־באוועגונג פון טשילע, נאך פיל לאנגע און געזונטע יארן פון אק־טיווער שעפערישקייט אויף אלע קולטור־געביטן פון אייער ישוב.

מיט דרך־ארץ,

חיים לאזדייסקי,

רעדאקטאר פון „מעקסיקאנער לעבן".

---

## מלכה לי און אהרן ראפאפארט — ניו־יארק

צום געזעלשאפטלעכן קאמיטעט לכבוד דעם שרייבער י. פילאָווסקי.

טייערער שלמה באכראך!

מיט פרייד שליס איך זיך אן, צוזאמען מיט מיין מאן אהרן ראפאפארט, אין דער פייערונג פון יעקב פילאָווסקי, צו זיין זעכציק־יעריקן שעפערישן לעבן.

יעקב פילאָווסקי איז געשטאנען, ווי א וועכטער מיט זיין שרייבערישן ווארט און אפגעהיט די הייליקע ווערטן פון יידישן כבוד און אחדות.

מיר ווינטשן אים לאנגע, שעפערישע יארן צוזאמען מיט זיין פרוי און קינדער.

מיט נאענטער פריינטשאפט,

מלכה לי
אהרן ראפאפארט

---

## ליבער ליבערזאן — בוענאס איירעס

טייערער חבר יעקב פילאָווסקי!

מיינע גרוסן און בעסטע וואונטשן צו אייער ווערן א בן־ששים. עס איז פריידיק צו קאנען האבן די מוט, בכלל, אין אונדזערע אומשטענדן, קאנען הויך און בפני כל עם ועדה צו פראקלאמירן, אז מ'איז געווארן א בן־ששים. אבער ניט יעדערער קען דאס טאן. באגריס איך אייך צוויי

מאָל, פאַר דער מוטיקייט און פאַר דער יוגנטלעכקייט, וואָס שפּרודלט פון אייך. לאָזט זיך ניט פאַרפירן פון דעם תּלמודישן אויסדרוק, פון אַ בן־ששים לזקנה... ציט ניט אויף זיך די זקנה. דער גרעסטער מערדער, ווייזט אויס, איז טאַקע די צייט אַליין... ערשט דוכט זיך נעכטן האָבן מיר אַלע צוזאַמען געפייערט אַזוי פיין און ענטוזיאַסטיש אייער פופציק־יעריקן יובי־לעאום. פאַר די לעצטע צען יאָר זיינען אַ סך וואַסערן אַפּגעלאָפן. איר וועט דאָס ניט באַטראַכטן פאַר קיין חניפה: איר זיינט פאַר דער צייט אַ סך רייפער געוואָרן, פיל גבורה באַקומען און אייער טעטיקייט באַקומט, מיט יעדן טאָג, מער חשיבות. די מיושבדיקייט און אָביעקטיוויטעט, צוזאַמען מיט דעם אומגעהייריקן אָפּטימיזם, וועלכער איז אַ באַזונדערע מתּנה פון דעם חסד עליון, דאַרפן אייך אַליין געבן די מוט און כּוחות צו קאָנען ווייטער אָנגיין מיט אייער טעטיקייט, וואָס איז אַזוי געשעצט און געאַכט פון אַלע אייערע און אונדזערע אַרומיקע.

כ'גלויב, אַז איך בין ניט דער איינציקער, וואָס וויס צו שאַצן די גרויסע אָנשטרענגונגען אייערע.

אַ ביסל ווערט טרויעריק אויפן האַרצן, אַז מ'גיט זיך חשבון, אַז כּמעט אַלע אַרומיקע זיינען שוין ב"ה ביי די יאָרן. ווער עס האָט שוין איבערגעשפּרייזט און ווערמען עס פעלט שוין ווייניק צו אַריינטרעטן אין די זעכציקער.

אייער יום־טוב איז אַזוי אַרום אויף אַ סימבאָלישן אויסדרוק פון אַ סביבה און אַ דור, וואָס האָט זייער אַ סך דורכגעמאַכט. אַ שאָד, וואָס די רייען אַרום ווערן שיטערער און קיין נייע פאַרטרעטער קומען ניט צו, כּדי צו ציען די גאָלדענע קייט פון אונדזער גייסטיקן לעבן.

נעמט זשע צו, טייערער חבר פּילאָווסקי, מיינע האַרציקע ברכות צו אייער ווערן אַ בן־ששים. מיין באַגריסונג צו אייך און אַלע אייערע, צום ערשטן אייערע בני־בית. האָט נאָר נחת פון זיי און זיי זאָלן האָבן פיל נחת פון אייך, און דאַן מיינע בעסטע גרוסן פאַר אייער אַרום, פאַר אַלע, וואָס אַרבעטן מיט מיט אייך און וועלכע דינען פאַר אייך, אַלס קוואַל פון מוט און ענערגיע. איר זאָלט זיך אַלע עלטערן אין פרייד און נחת און דער עיקר, איר זאָלט זיך אַמפּריינדלעכסטן צוזאַמען אויסלעבן. יהי רצון, אַז איר זאָלט לאַנגע און זאַטע יאָרן דינען דער געזעלשאַפט מיט דער איבער־געבונג און אמונה, ווי איר האָט דאָס געטאָן ביז אַהער.

מיט ליבע און פרייד, אייער,

ליבער ליבערזאָן.

## זעליק מאַזור — בוענאָס־איירעס

מיין ליבער און טייערער פריינט און חבר יעקב פּילאָווסקי!

ווען איך בין צוריקגעקומען פון בראַזיל, האָב איך געטראָפן א פאַר־בעטונג צו אייער זעכציקסטן געבורטסטאָג און גלייכצייטיק איז מיר אָנגע־קומען „דאָס יידישע וואָרט", וואו עס איז געווען א באריכט פון יום־טוב, וואָס מען האָט אייך געמאכט און אז דער קאָמיטעט גיט אייך אַרויס א בוך; האָט מיר שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס איך האָב ניט געקענט זיין אויף אייער יום־טוב;

אייער יובל־יום־טוב איז געווען א פאַרדינטער. איך האַלט, אז אַלץ וואָס עס איז אויפגעטאָן און אויפגעבויט געוואָרן אין טשילע, איז אומע־טום געווען אייער בייטראָג. איר האָט געהאָלפן, ווי א געטרייע מוטער, אומעטום צולייגן א האַנט און ספּעציעל אויפן געביט פון קולטור און דערציאונג. וואָלטן געווען נאָך א צענדליק קולטור־עסקנים, ווי איר, אין טשילע, וואָלט אייער ישוב א סך שענער אויסגעזען. פאַר אונדז, קולטור־טוּרובאַדורן, זיינט איר דער אדרעס, דער סטימול און דער ליבהאַרציקער מכניס־אורח. איך האָב דאָס דערפילט, ווען איך האָב געוויילט אין טשילע...

א דאַנק אייער טאַלאַנט און שעפערישקייט, אויפן ליטעראַרישן פעלד, איז דאָס יידישע לעבן אין טשילע טיילווייז אָפּגעשפּיגלט געוואָרן, הן אויפן בעלעטריסטישן אופן, הן אויפן פּובליציסטישן, און איר האָט פיל בייגע־טראָגן, אז עס זאָל אַרויסוואַקסן א שיין צווייגל אויפן ליטעראַרישן בוים פון דער יידישער ליטעראַטור.

אייער נאָמען האָט ווייט אַריבערגעשפּאַנט די גרעניצן פון טשילע. אייער ווערן א בן־ששים, איז ניט נאָר דער יום־טוב פון טשילענער יידישן ישוב, נאָר פאַר דער גאַנצער יידישער ליטעראַרישער וועלט.

ווינטש איך אייך טאָקע, פון מיין גאַנצן הארצן, אין מיין נאָמען און אין נאָמען פון „אַרגענטינער ביימעלעך", וואו איר זיינט א חשובער מיט־אַרבעטער פון ערשטן נומער אָן, נאָך א סך יאָרן פון געזונט און שעפע־רישקייט, און אז צו אייער זיבעציקסטן יובל, זאָל איך קענען פּערזענלעך אָנטייל נעמען אין אייער שמחה, און זיך פרייען צוזאַמען מיט אייך.

אייער,

**זעליק מאַזור.**

## איידע מאזע — מאָנטרעאַל

ליבע פריינט, ישראל פּאָלאַק און שלמה באַכראַך, פּרעזידענט און סעקרעטאַר פון י. פּילאָווסקי יובל־קאָמיטעט!

מיט גרויס פאַרגעניגן באַגריס איך מיין יונג־אַלטן פריינט, יעקב פילאָווסקי, צום דערשיינען פון זיין נייעם בוך און אויך מיט דעם וואָס אנדערע האָבן צו זאָגן וועגן דעם חשובן יובילאַר.

איך, פון מיין זייט, קען זאָגן, אַז זינט איך האָב זיך באַקאַנט מיט יעקב פילאָווסקי, ביי אונדז אין שטאָט, מיט אַן ערך פון אַרום צוואַנציק יאָר צוריק, איז ער פאַר מיר פאַרבליבן דער ליבער, איידעלער און עכט עטישער מענטש. און ווי אַ חבר און פריינט, איינער פון די געציילטע, פון וועלכן, אַז מען דערמאָנט זיך, ווערט אַי ליכטיקער, אַי ווארימער אויף דער נשמה. און זיינע שאַפונגען זיינען ווי ער אַליין, מיט דערהויבונג און גלויבן אין מענטשן.

זאָל ער אונדז זיין געבענטשט אויף לאַנגע, געזונטע און שעפערישע יאָרן.

מיט פאַרערונג און ליבשאַפט,

**איידע מאַזע.**

---

## דר. משה מערקין — בוענאָס־איירעס

ה' פּרעזידענט פונעם געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט לכבוד יעקב פּי־לאָווסקי, סאַנטיאַגאָ, טשילע.

זייער חשובע פריינט!

מיט עטלעכע וואָכן צוריק, האָב איך פאַרבראַכט אַ וואָך צייט אין סאַנטיאַגאָ און האָב גאָרניט געוואוסט פון דער איניציאַטיוו, אַרויסצוגעבן אַ באַנד דערציילונגען פון מיין אַלטן, ליבן פריינט און קאָלעגע, יעקב פּי־לאָווסקי. ער אַליין, אין זיין באַשיידנקייט און עניוות, האָט מיר אַזוי דרך־אַגב דערציילט, אַז אינגיכן וועט דערשיינען זיינס אַ בוך, אָבער קיין וואָרט ניט דערפון, אַז דאָס בוך וועט אַרויסגעבן אַ געזעלשאַפטלעכער קאָמיטעט, אין וועלכן עס זיינען פאַרטראָטן די וויכטיקסטע, אָנגעזעענסטע נאַציאָ־נאַלע אינסטיטוציעס, וואָס דער עצם פאַקט אַליין איז דער בעסטער באַ־

ווייז, ווי הויך ווערט דער שרייבער יעקב פּילאָווסקי געשעצט אין דעם טשילענער יידישן ישוב.

מיט יעקב פּילאָווסקי בין איך באַקאַנט, פּערזענלעך, זינט מיינע ערשטע שריט אויף דעם דרום־אַמעריקאַנער באָדן, דאָס הייסט אַ קימאַ־לן פון 23 יאָר. דעמלט, אין יענע טראַגישע יאָרן פאַר אונדזער פאָלק, ווען דער נאַציזם און פאַשיזם האָבן שוין אַרויסגעוויזן זייערע אמתע כוונות, לגבי אונדזער יידישן פאָלק, ווען מיר אַלע זיינען געשטאַנען, אַזוי צו זאָגן, על פּרשת דרכים און ניט געוואוסט, וואָס וועט אונדז ברענגען דער מאָרגנ־דיקער טאָג. דעמלט האָב איך פריינט און קאָלעגע פּילאָווסקי געטראָפן אויף יענער זייט פון דער באַריקאַדע, וואָס האָט צוטיילט דעם יידישן נאַציאָנאַלן פראָנט אויף צוויי לאַגערן. אָבער יעקב פּילאָווסקי איז קיינמאָל ניט געווען קיין קנאי און אַ בלינדער פאַנאַטיקער פון זיין פּאַרטיי. ער איז געווען תמיד אַן אויפריכטיקער און לאָיאַלער אידעאָלאָגישער קעגנער, וועמען מיר אַלע האָבן הויך געשעצט און תמיד באַטראַכט אַלס גוטן חבר און קאָלעגע, וועלכער גייט זיין אידעאישן וועג, אויס טיפער איבערצייגונג אין דער ריכ־טיקייט פון זיין וועלט־אַנשויאונג. דעריבער איז צווישן אונדז, די דעמלסט־דיקע קולטור־טוער און זשורנאַליסטן־שרייבער, קיינמאָל ניט פאָרגעקומען מיט פּילאָווסקין וועלכע עס איז שאַרפע צוזאַמענשטויסן און קריגערייען, וואָס האָבן אין די לעצטע צענדליק יאָרן געשאַפן צווישן אונדז און „יענע" אַזאַ שאַרפע מחיצה, וואָס האָט סוף־כל־סוף געבראַכט צו אַ ראַדיקאַלן איבעררייס פון די באַציאונגען, צווישן די "פּראָגרעסיווע" און דעם נאַ־ציאָנאַלן פראָנט.

אָבער די דאָזיקע אידעאָלאָגישע חלוקי־דעות געהערן צו דער פאַר־גאַנגענהייט און קאָלעגע פּילאָווסקי האָט געהאַט דעם מוט און דעם ציווילן קוראַזש, איבעררייסן מיט יענעם סעקטאַר און זיך געווען, מיט גרויס התמדה, און איבערגעבנקייט, צו געזעלשאַפטלעך־קולטורעלער אַרבעט און שטאַרקער זיך אָפּגעבן מיט זיין ליטעראַרישער טעטיקייט.

אין דער באַציאונג פאַרנעמט יעקב פּילאָווסקי אַ באַזונדער פּלאַץ אין דער יידישער ליטעראַטור, גאָר ספּעציעל צוליב זיין טעמאַטיק און דער טיפער, הומאַנער באַציאונג צו מענטשן און זייער סביבה.

קודם כל האָט יעקב פּילאָווסקי זיין סטיל, איך וואָלט געזאָגט, זיין אייגענעם נוסח, און עס איז אַן אַלטער ליטעראַרישער כלל, אַז „דער סטיל איז דער מענטש".

אין זיינע נאָוועלעס דערקענען מיר דעם מענטשן פּילאָווסקין, אַ פער־

זענלעכקייט, באשאנקען מיט אלע גוטע מידות. ער פארמאגט גארניט דעם באדימטן „קנאת סופרים". פארקערט, ער איז צופרידן, ווען ער זעט א נייעם פנים אין דער ליטעראטור, אדער זשורנאליסטיק, ווייל ער גיט זיך אפ א חשבון, אז מיר, אונדזער דור, איז אפשר דער דור פון די לעצטע מאהיקאנער, וועלכע לעכצן נאך א המשך און באגריסן יעדע נייע דערשיי־נונג אין דער יידישער ליטעראטור, וואס איז אן אנזאג אויף דאם קומען פון יורשים, וועלכע וועלן ווייטער ציען דעם פאדים פון אונדזער גאלדענער קייט.

די ראמען פון א באגריסונג־בריוו, דערלויבן מיר ניט זיך באריכות אפצושטעלן אויף יעקב פילאווסקין אלס שרייבער, פובליציסט, קולטור־טוער און געזעלשאפטלעכער עסקן. איינס איז פאר מיר קלאר: יעקב פילאווסקים בייטראג צו דער אנטוויקלונג פון דער יידישער געזעלשאפט־לעכקייט אין דער טשילענער מדינה, איז א באזונדער, שיין בלעטל, אין דער געשיכטע פון דעם טשילענער ישוב און עס איז באמת א גרויסע סאטיספאקציע, וואס דאס טשילענער יידנטום, דורך זיינע בארופענע, נאצ־יאנאלע אינסטיטוציעס, האט געפונען פאר נויטיק צו באערן א שרייבער און קולטור־טוער אין אזא שיינעם אופן, ווי העלפן ארויסגעבן זיין בוך.

איך ווינטש מיין ליבן חבר, פריינט און קאלעגע, יעקב פילאווסקין, אריכת ימים ושנים און ווייטערדיקע דערפאלגן אויף דעם געביט, וואו ער איז דער בארופענער קעמפער — אויף דעם געביט פון קאמף פאר יידישער קולטור, אויך הצלחה אין זיין שרייבערישער קאריערע.

מיט קולטור־גרוסן און דרך־ארץ, אייער,

**דר. משה מערקין.**

---

## י ש ר א ל פ א ל א ק,

פרעזידענט פון פילאווסקי־יובל־קאמיטעט

### רעדע געהאלטן אויף דער גרויסער פייערונג, וואס איז פארגעקומען אין פארבאנד פון פוילישע יידן

ווען מיר לייענען די גרויסע צאל בריוו, וואס דער געזעלשאפטלעכער קאמיטעט האט באקומען פון יידישע שרייבער, אנגעזעענע זשורנאליסטן און סתם גוטע פריינט, גיבן מיר זיך אפ חשבון, ווי די פערזענלעכקייט

פון אונדזער בן־ששים איז פּאָפּולער און באַליבט אויסער די גרעניצן פון טשילע. עס וואָלט גענוג געווען צו לייענען די אַלע אָפּשאַצונגען און אָנשלי־סונגס־בריוו, אויף צו באַקענען זיך מיטן ווערט פון פּ׳ יעקב פּילאָווסקיס ליטעראַרישער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. מיר קענען דערפון אַרויס־דרינגען, ווי ריכטיק עס ווערט אָנערקענט חבר פּילאָווסקיס אַקטיווער קאַמף פאַר די גייסטיקע יידישע ווערטן און זיין בייטראַג צו באַרייכערן די יידישע ליטעראַטור.

אָבער נאָך פון גרעסערער וויכטיקייט איז צו אונטערשטרייכן ווי באַציט זיך אונדזער ישוב צו די פאַרדינסטן פון פּ׳ פּילאָווסקי; ווי שאַצן אים אָפּ די מענטשן, וואָס שטייען צו אים נאָענט, די וואָס האָבן מיט אים טאָג־טעגלעכן קאָנטאַקט, געזעלשאַפטלעך און פריוואַט; ווי שאַצן מיר אָפּ זיין אַקטואַציע אַלס קעמפער, אַלס חבר, אַלס עסקן און פּען־מענטש.

אויף דעם געביט זעען מיר מיט וואָס פאַר א וואַרעמער סימפּאַטיע דער ישוב האָט זיך אָפּגערופן און עס האָט געפונען א פּאָזיטיווע ווירקונג ביי אינסטיטוציעס און יחידים, די איניציאַטיוו פונעם געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט צו פייערן דעם 60־יעריקן יובל פון יעקב פּילאָווסקי און דאָס אַרויסגעבן א בוך פון זיינע לעצטע שאַפונגען, ווי אויך די באַטייליקונג פון אונדזער עולם אינעם היינטיקן קולטור־יום־טוב, לכבוד דעם חתן־היובל.

יעדער וואָס קען דעם פּ׳ יעקב פּילאָווסקי, וואָס האָט געזען פון דער נאָענט זיין פּאַרצווייגטע אַקטואַציע אינעם היגן געזעלשאַפטלעכן לעבן, האָט זיך געקענט אָפּגעבן חשבון, ווי גרויס עס איז זיין בייטראַג צום אויפהאַלטן אַליין, וואָס האָט א שייכות מיט יידישע ווערטן, מיט יידישער דערציאונג, מיט יידישער קולטור, מיט זיין געפליגלט וואָרט און שאַרפער פּען אויף אויסצובעסערן אונדזער אָרגאַניזירטע געזעלשאַפט און אויף צו געבן אונדזערע אינסטיטוציעס א מער יידיש־פאָלקסטימלעך פּנים.

נישט איינמאָל האָבן מיר געהאַט די געלעגנהייט צו באַוואונדערן פּ׳ יעקב פּילאָווסקי, זיין ענערגיע, זיין יוגנטלעכן אימפּעט ביים פאַרטיידיקן דאָס, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר גערעכט און פאַר דעם, וואָס קען ברענגען מער נוצן אונדזער ישוב; נישט איינמאָל האָבן מיר אים געזען קעמפן ווי א לייב, איינער אַליין, קעגן א מערהייט, ביי פאַרזאַמלונגען אין אונדזערע אינסטיטוציעס, ביי אידעאָלאָגישע אָדער געזעלשאַפטלעכע וויכוחים, וואו פּ׳ פּילאָווסקי האָט זיך נישט גערעכנט מיט דעם, וואָס ער קען פאַרלירן סימפּאַטיע, אָדער אפילו זיך פאַרשאַפן שונאים. די הויפּטזאַך איז ביי אים,

דער אמת זאָל געזאָגט ווערן! „צדק, צדק תרדוף...” איז דער לייטמאָטיוו פון זיין געזעלשאַפטלעכער אַקטואַציע. אָט די דאָזיקע אייגנשאַפטן באַוואונדערן מיר ביי יעקב פּילאָווסקי! די דאָזיקע מענטשלעכע מעלות שאַצן מיר אין אים.

צוזאַמען מיטן 60סטן יובל פון חבר פּילאָווסקי פייערן מיר אויך דעם גייסטיקן שארית־הפליטה פון די, וואָס זיינען דורכגעגאַנגען דעם נסיון און זיינען נצול־געוואָרן פונעם גייסטיקן אומקום, דורך דעם סאָוועטישן קאָמוניזם. נישט גענוג, וואָס מיליאָנען יידן טרינקען זיך אינעם זומפּ פון אַנטיסעמיטישער סאָוועטישער דיקטאַטור, האָבן אויך די פאַלשע, מעפּיסטאָפעלישע גאולה־קלאַנגען אַריינגענאַרט גרויסע גייסטיקע יידישע כוחות אין זייערע קראַלן.

מיר יידן זיינען תמיד געווען פּיאָנערן פון פרייהייט. בן־גוריון זאָגט, אַז יציאת־מצרים איז איינער פון די מאָטיוון, וואָס האָט אויפגעהאַלטן דאָס לעבן פון אונדזער פאָלק. די האָפענונג אויף פרייהייט, אויף אויסגעלייזט צו ווערן פון שקלאַפעריי, האָבן יידן פון אַלע דורות געזען אינעם מאָטיוו פון יציאת־מצרים. אָדער, ווי עס זאָגט אויך לייוויק אין אַ ליד: „... די יידן גייען פון מצרים, און איך אויך. איך גיי מיט זיי, מיט די שבטים אין איין ריי...”

אין דער רוסישער רעוואָלוציע האָבן אַ סך יידן געגלויבט צו זען די מענטשלעכע און יידישע גאולה. זיי האָבן אָבער געהערט פאַלשע אחרית־הימים־טענער פון אַ גוייִשן שופר. נישט לייכט איז געווען פאַר גלייבנדיקע נאַטורן צרויסצוראַטעווען די נשמה פונעם קאָמופּלירטן גיפטיקן שלאַנג.

יעקב פּילאָווסקי איז איינער פון די אַרויסגעראַטעוועטע. איינער פון די שטאַרקע גייסטיקע נאַטורן, וואָס האָט געפונען דעם ריכטיקן וועג, ווען ער האָט פאַרנומען דעם ווײַ־געשריי פון אונדזערע ברידער, ווען דעם טראַגישן אומרעכט, וואָס הערשט אונטער דעם ליגנערישן פאַרהאַנג.

דערפאַר פרייען מיר זיך מיט יעקב פּילאָווסקי. מיר פרייען זיך, וואָס צו זיין 60סטן געבוירנטאָג געפינט ער זיך מיט אונדז, נישט נאָר פיזיש, נאָר אויך גייסטיק און אידעאָלאָגיש.

ווען מיר ווילן כאַראַקטעריזירן דעם מענטש, יעקב פּילאָווסקי, קענען מיר עס געפינען אין זיינען אַ דערציילונג, וואָס טראָגט דעם טיטל: „אַנטקעגן דעם, וואָס מען זאָגט ווי אַלט זיינט איר”... אין אַ שמועס צווישן רייזנדע, גיט יעדער אָן זיין עלטער. אַ פרוי, וואָס איז געקומען פון היטלערס טויטןלאָגערס, זאָגט, אַז זי איז אַלט 55 יאָר, ווען אין דער אמתן האָט זי

נאָר 35. פּילאָווסקי מאָלט איר פּנים, וואָס איז אויסגעהאַמערט פונעם טראַגישן לעבן, און נאָכדעם, וואָס ער באַקענט זיך מיט דער פרוים לעבנס־געשיכטע, זאָגט ער, אַז ער גייט אַוועק פון איר „מיט ליבע, ווי צו אַ קינד און מיט געפילן פון דרך־ארץ צו טויזנטער יאָרן יידישע געשיכטע".

יעקב פּילאָווסקי האָט זיין לעבן אויסגעהאַמערט פון ישיבות, השכלה, רוסישע רעוואָלוציע, לערעריי, געזעלשאַפטלעכע און ליטעראַרישע טעטיקייט. נאָך אַלע זוכענישן איז ער דורכגעדרונגען מיטן גייסט פון ליבע צום מענטש און דרך־ארץ און איבערגעגעבנקייט פאַר אַלץ, וואָס איז יידיש.

ווייל איך ענדיקן מיטן ווינטשן אייך, מיין ליבער חבר פּילאָווסקי, אינעם נאָמען פון דעם געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט און אין מיין אייגענעם נאָמען, אריכת־ימים, אַ סך יאָרן פון אַקטיווער און שעפערישער טעטיקייט לטובת דער יידישער קולטור און לטובת אונדזער ישוב.

איך וויל נאָך צוגעבן אויף אייך צו ווינטשן איר זאָלט אין גיכן באַזוכן מדינת־ישראל, וואו עס בויט זיך אַ געזעלשאַפט אויף יסודות פון יידישער עטיק און מענטשלעכן יושר, אין דעם לאַנד וואו איר וועט אויך קענען שטילן דעם דורשט נאָך אייביקע אמתן. דאָרט, ביי דעם קוואַל, וואו די דאָזיקע באַגריפן זיינען אַנטדעקט געוואָרן.

---

## חיים פינקעלשטיין — בוענאָס־איירעס

געזעלשאַפטלעכער קאָמיטעט לכבוד דעם שרייבער יעקב פּילאָווסקי, צו זיין 60־יעריקן יובילעאום, סאַנטיאַגאָ, טשילע.

זייער געשעצטע פריינט!

איך האָב באַקומען אייער בריוו וועגן יום־טוב פאַר מיין חבר און פריינט יעקב פּילאָווסקי, וואָס שפּאַנט איצט אַריבער אַקוראַט די העלפט פון די באַשערטע יאָרן. ווען עס וואָלט מיר נאָר געווען מעגלעך, וואָלט איך גערן צו דעם דאָזיקן יום־טוב געקומען, כדי צו דריקן די האַנט פון בעל־שמחה און שווייגנדיק אַריינגעקוקט אין די פאַרטראַכטע, האַלב־פאַרחלומטע אויגן זיינע.

איך וואָלט וועלן הערן וואָס ער, שווייגנדיק, זאָגט ביי אַט דער דאָזיקער געלעגנהייט. איך זאָג ש ו ו י י ג נ ד י ק, מחמת איך האָב דאָס געפיל, אַז חבר יעקב פּילאָווסקי דערשווייגט מער וויפל ער דערזאָגט. אַזוי איז ער בעתן רײדן און אַזוי אויך בעתן שרייבן. י. פּילאָווסקי דערזאָגט

ניט אַלץ. זיין כוונה איז: לאָזן דעם צוהערער, אָדער דעם לייענער זיינעם גאָכטראַכטן. ער הייבט אָן א געדאַנק, רעגט אָן מיטצוגיין מיט אים איפן געדאַנקלעכן וועג, און ווי נאָר ער דערפילט, אז איר גייט שוין מיט אים האַנט ביי האַנט, אַזוי לאָזט ער אייך איבער... „שפּאַן אליין, דו וועסט שוין ניט פאַרבלאָנדזען".

און ער? ער פאַרטראַכט זיך מיטאמאָל, הייבט אָן קוקן ערגעץ ווייט, און איידער איר באַווייזט צו כאַפּן זיין בליק, קלעטערט שוין זיין געדאַנק ערגעץ אין אַנדערע וועלטן...

מיט פּילאָווסקין האָב איך זיך באַקענט דורך זיינע ביכער, נאָך איידער איך האָב אים געקענט פּערזענלעך. אָבער ווי נאָר איך האָב אים דערזען צום ערשטן מאָל, בעת זיינעם א באַזוך אין דער צענטראַלער שלום-עליכם-שול, אין בוינאָס-איירעס, אַזוי האָט זיך מיר באַלד אויסגע-וויזן, אַז איך קען אים שוין לאַנג, לאַנג. דער זעלבער אין לעבן, ווי אין דער ליטעראַטור. עכט, גאַנץ, ניט געקינצלט, פאַרטראַכט און האַלב-שווייגנדיק.

יעקב פּילאָווסקי איז א שרייבער, וואָס שטייט מיט ביידע פיס אינער-האַלב דעם אַקטיוון, געזעלשאַפטלעכן לעבן. זיין שרייבערישער אומרו, האָט אים ניט פאַרטראָגן פון די טאָג-טעגלעכע דאגות און פּראָבלעמען, נאָר פאַרקערט גאָר. ער לעבט מיט זיי, מיט אַלע די פּראָבלעמען, און אויף זיין שטייגער זוכט ער צו געפינען א לייזונג פאַר זיי.

פּילאָווסקי איז ניט פון די מענטשן, וואָס גייען מיטן שטראָם. ער האָט מוט און כח צו גיין זיין אייגענעם וועג, אַזוי לאַנג ווי ער גלויבט אַז דאָס איז דער ריכטיקער וועג. ער האָט אָבער אויך מוט און מאָראַלישן כח צו רעווידירן זיין אייגענעם גאַנג. און ווען יעקב פּילאָווסקי האָט זיך געזען פאַרראַטן און אָפּגענאַרט פון די, וועמען ער האָט אָנגעטרויט דעם קאַמף פאַר זיינע שענסטע און אויפריכטיקסטע געפילן אָן האָפענונגען, האָט ער געהאַט דעם גרויסן מאָראַלישן כח, א קלאַפּ צו טאָן מיט דער טיר, ווי עס פּאַסט פאַר אַן ערלעכן, ווירדיקן ייד און נישט ווינציקער ווי פאַר אַן ערלעכן, ווירדיקן סאָציאַליסט.

יעקב פּילאָווסקי איז געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן געפונען דעם וועג צו זיך אַליין, און זינט דעמאָלט איז ער מיט זיין גאַנצן לייב און לעבן פאַרבונדן מיטן פּראָגרעסיוון אַרבעטער-ציוניזם.

אינטערעסאַנט און כאַראַקטעריסטיש איז, אַז זינט יעקב פּילאָווסקי האָט געפונען דעם „וועג צו זיך", איז ער געוואָרן שעפערישער ווי געווען.

ער איז געוואָרן פולער, גאַנצער, זיינע פירות — רייפערע און זאַפטיקערע.

ער איז געוואָרן מער פאַרטראַכט ווי געווען. אָבער דערפאַר דערזאָגט ער אין דער שווייגנדיקער פאַרטראַכטקייט מער ווי אַמאָל.

און איצט, ווען ער איז געוואָרן אַ בן־ששים, איז ער אין סאַמע מיט פון זיין בלי. ווער עס קומט מיט אים אין קאָנטאַקט, און איך האָב די דאָזיקע אָנגענעמע געלעגנהייט געהאַט גאָרנישט לאַנג — ווער עס רעדט מיט אים, ווער עס לייענט אים — זעט אַז ער צעשפּרייט איצט די פליגל זיינע, ווי ער וואָלט זיך פאַרמאָסטן צו אַ גרויסן, געוואַגטן פלי.

ווינטש איך אים טאַקע, מיין אידייען־חבר און פריינט פּילאָווסקי, אַז דער פלי זאָל אים געראָטן, אַז אין דער צווייטער העלפט פון זיין לעבן זאָל ער — ווי ביז איצט — כסדר זיך דערהויבן אַלץ העכער און העכער, סיי אין זיין ליטעראַרישן שאַפן און סיי אין זיינע לייסטונגען פאַר דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

וואויל וועט זיין אים — און אַ נחת פאַר אונדז אַלע, זיינע חברים און פריינט.

מיט די האַרציקסטע ברכות פאַרן בעל־שמחה, זיין משפחה און די אָרגאַניזירער פונעם יום־טוב, אייער,

**חיים פינקעלשטיין.**

---

## בערטע קלינג — ניו־יאָרק

חשובע קאָלעגן און פריינט!

פריער פאַר אַלץ, נעמט אָן מיין דאַנק, פאַר געבן מיר די געלעגנהייט, צו באַגריסן דעם האַרציקן מענטשן און שריפטשטעלער, יעקב פּילאָווסקי.

ניט אַלע מאָל איז גרינג צו ריידן שיינע רייד, וואָס זאָלן קומען פון גאַנצן האַרצן, נאָר אין דעם פאַל פון יעקב פּילאָווסקי, איז נישטאָ קיין לויב, וואָס זאָל זיין צו גרויס פאַר אים. ווי שיין מען זאָל ניט ריידן, איז ער אַלץ שענער פון די שענסטע ווערטער.

באַגריס איך אים און זיין ליבער פרוי, צוזאַמען מיטן קאָמיטעט, און ווינטש אים און אייך אַלעמען אַלדאָס גוטס. איר זאָלט האָבן אַזוי פיל נחת, אַז איר זאָלט קענען קומען אונדז באַזוכן אַלע יאָר.

**בערטע קלינג.**

## גאָלדע קרימער — בועגאָס־איירעס

ליבער חבר און פריינט, יעקב פּילאָווסקי!

נעם צו מיין באַגריסונג צו דיין ווערן זעכציק יאָר. דו האָסט זיך כשר און ערלעך פאַרדינט דעם כבוד, וואָס מען האָט דיר צוגעגרייט. דו האָסט דיין לעבן אוועקגעגעבן פאַר דעם וואוילזיין פון כלל און דו האָסט קיינמאָל ניט געזוכט דעם וועג פון לייכטן ווידערשטאַנד און פון אייגנ־נוצן. דיין וועג איז געווען — און איז ביז צום היינטיקן טאָג — דאָס קול פון דיין געוויסן און דערפאַר, מיין ליבער יעקב, האָט מיך אַזוי שטאַרק געפרייט, ווען איך האָב געלייענט אין „די פּרעסע”, וועגן דער אָנערקענונג, וואָס יידן פון סאַנטיאַגאָ האָבן דיר אַרויסגעוויזן.

מיר לעבן איצט אין אַ צייט פון הפקרות, אַ צייט, וואָס פרעסט אויף דעם איינציקן, דעם ערלעכן מענטשן, און אויב עס זיינען נאָך פאַראַן יידן, וועלכע ווייסן יאָ ווי אויפצונעמען דאָס גוטע, דאָס אויטענטישע, קומט זיי אויך צו באַגריסן.

איך באַגרים מיינע לאַנדסלייט פאַרן נעמען אַזאַ בכבודיקן אָנטייל אין אַזאַ קולטור־יום־טוב.

איך ווינטש דיר, ליבער יעקב, זאָלסט דערלעבן ביז הונדערט יאָר און זאָלסט אויך ווייטער וועבן דעם גאָלדענעם פאָדים פון יידישן גייסט. דו בינסט ראוי צו דעם.

איך ווינטש אויך, אַז דיין פאַמיליע, דיינע קינדער און קינדס־קינדער, זאָלן זיין בכבודיקע, געזונטע צווייגן פון דעם משפחה־בוים — די פּי־לאָווסקים.

מיט האַרציקע גרוסן,

**גאָלדע קרימער.**

---

## מלך ראַוויטש — מאָנטרעאַל

דעם געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט לכבוד דעם שרייבער יעקב פּילאָווסקי, צו באַערן זיין זעכציקסטן געבוירן־טאָג, אין סאַנטיאַגאָ.

טייערער חבר ישראל פּאָלאַק און טייערער חבר שלמה באַכראַך!

מיט דער גאַנצער אויפריכטיקייט, באַגרים איך דעם חבר יעקב פּי־לאָווסקי צום אַריינטרעטן אין דעם זיבעטן צענטל פון זיינע פּרוכפּערדיקע

און אויפטוערישע יאָרן אויפן געביט פון יידישער ליטעראַטור אין טשילע און בכלל יידישער קולטור־טוערייַ אין יענעם ווייטן, ווייטן לאַנד, אין עק וועלט...

ער שרייבט ניט קיין סך, דער חבר פּילאָווסקי, אָבער וואָס ער שרייבט — שרייבט ער מיט פולן גלויבן און מיט דעם גאַנצן האַרץ־שטרעבן בעסער צו מאַכן ייד און מענטש און וועלט. אוודאי איז דאָ אַ סך נאַיווקייט אין זיין שרייבן, מחמת אין יעדן שרייבן מיט אַ הומאַניסטישער טענדענץ איז דאָ נאַיווקייט.

די יידישע ליטעראַטור איז אַ וועלט־ליטעראַטור בזעיר אנפּין. זי האָט אירע גרויסע צענטערן, אָבער אויך אירע ווייטע, קליינע עקספּאַנירטע וואַך־פּאָסטנס, וואו זי האָט אירע געטרייע גרעניץ־וועכטערס. איינער אַזאַ פּאָסטן איז טשילע, און איינער פון אירע געטרייסטע וועכטערס דאָרטן איז שוין זינט צענדליקער יאָרן, יעקב פּילאָווסקי.

זאָל ער זיין באַגריסט און געשטאַרקט אין זיין אַרבעט.

מיט פריינטשאַפט,

מלך ראַוויטש.

---

## פּראָפ. א. א. ראָבאַק — באָסטאָן

פּילאָווסקי־קאָמיטעט, סאַנטיאַגאָ, טשילע.

חשובע פריינט!

איך קאָן מיט אַ גרינג האַרץ באַגריסן פריינט י. פּילאָווסקין, צו זיין יובילייִ. האָבנדיק זיך באַגעגנט מיט אים אין באָסטאָן, אָדער, בעסער גע־זאָגט, ביי מיר אין קעמברידזש, ווייס איך וואָס פאַר אַ כח ער איז אין אייער ישוב.

מיר קענען ניט האָפן, אַז אַ 40 טויזנט יידן זאָלן שאַפן אַ סך, הגם די 20 טויזנט אין מעקסיקע האָבן גאָר אַ סך אויפגעטאָן. אָבער אַז די צייטונג זאָל זיך צעוואַקסן און אַז עס זאָל קומען אַ זשורנאַל און די שולע זאָל שטעלן דעם טראָפּ אויף יידיש — דאָס איז אַ השגה, וואָס מיר קאָנען זיך קוואַפּען אויף דעם, און מיט פריינט פּילאָווסקין און אַנדערע מנהיגים וועט עס זיכער געשען.

אייער,

א. א. ראָבאַק.

## מ. ראָלניק — ריאָ דע זשאַנעיראָ

געזעלשאַפטלעכער קאָמיטעט לכבוד דעם שרייבער יעקב פילאָווסקי.

זייער חשובע פריינט!

איך בין אייך זייער דאַנקבאַר, אי פאַר אייער בריוו און אי פאַרן אונטערנעמען אָט די זאַך, וואָס איז זיכער מער ווי פאַרדינט.

מיין חבר און פריינט, יעקב פילאָווסקי, איז איינער פון די זעלטענע פערזענלעכקייטן, וואָס איך האָב באַגעגנט אויף מיינע וואַנדערונגען איבער יידישע ישובים.

שיק איך מיינע האַרציקסטע ברכות צו זיין ווערן זעכציק יאָר און ווינטש אים נאָך אַ סך, אַ סך יאָרן פון ליטעראַרישער און קולטור־געזעל־שאַפטלעכער שעפערישקייט.

ביינעלייגט איז אַ קורץ ליד, געווידמעט דעם חשובן יובילאַר.

איך בעט אייך, אַזוי גוט זיין און מיר לאָזן וויסן, אויף ווען איר האָט באַשטימט די עפנטלעכע פייערונג און דאָס מכמה טעמים.

די וויכטיקסטע: אפשר וועט מיר מעגלעך זיין צו קומען.

מיט בעסטע חברישע גרוסן, אייער,

מ. ראָלניק.

---

# א י ן אָ ש ע ה אַ ז אַ

פון מ. ראָלניק — יעקב פילאָווסקין

**פאַרנאַכט. אַ בלויער ווינט**
**ציילט די לעצטע ביימער,**
**דאָס ראַנגלען זיך מיט שקיעה.**
**אָנגעפילט מיט חדוש,**
**איז די זיך לעשנדע ראיה**
**פון טאָג אין פאַרשווינד.**

אַליין, צווישן טאָג און נאַכט,
ס'איז יעדער טייל פון באַשאַף.
נאָר גאָט און בלויער ווינט,
קענען דעם צער
פון שעה, וואָס פאַרבינדט
ליכט מיט חושך.

---

## מ. מ. שאַפּיר — מאָנטעראַל

טייערע חברים!

אנטשולדיקט וואָס איך האָב זיך אַזוי פאַרשפּעטיקט.

איך האָף, אַז מיינע לידער קומען ניט אָן צו שפּעט, חלילה, פאַר אייער געפּלאַנטן פּילאָווסקי־זאַמלבוך.

איך ווינטש אייך כל טוב, אייער,

מ. מ. שאַפּיר.

---

## ל י ד ע ר

### פון מ. מ. ש א פ י ר

(ספּעציעל פאַרן פּילאָווסקי־זאַמלבוך)

### ל י ב ש אַ פ ט

די בבלדיקע שטאָט איז נאַריש אויפגעטומלט,
און אפשר טויזנט שפּראַכן פּלאַפּלט מען אין איר.
דאָס הויז, וואָס גאָט דאַרף דאָרטן וואוינען, שטייט פאַרכמורעט,
און טרעפּ צעמענט און שטאָל דערפירן צו זיין טיר...
די רשעות גייט פאַרפוצט אין מיטן שליאַך שפּאַצירן,
און אַלע בוקן זיך צו איר פאַרריסנקייט.
נאָר מיך קען נאָר די ליבשאַפט ביז צו טרערן רירן —
מיט איר־פאַרציטערט לייב און אירע שטומע רייד.

די ליבשאַפט אינעם מענטש — דאָס איז פון גאָט אַ חלק;
פון דאָרטן קוואַלן טרערן רייניקן זיין האַרץ,
און דאָס געוויין דעם מענטשנס איז פון תמיד הייליק;
ווייל דער, וואָס וויינט, איז אין דער ליבשאַפט שטיל פאַרגאַרט...

דעם רשעותדיקן שעם איך זיך אין ד'אויגן קוקן —
אַט ווי די רשעות זיינע זאָל גאָר מיינע זיין.
איך וויים, מע וועט מיך פאַר מיין ליבשאַפט ווילד פאַרהוקעו,
פאַר נישט פאַרלעשן אין מיין האַרץ איר שטילע שיין...

---

# אין אַ יאָגנדיקער באַן

איך טוליע־צו דעם ברענענדיקן שטערן
צו גוטער, טונקעלער קיל פון שויבן פייכטע.
אין מיטן שטיקנדיקע רויכן, שווערע —
ווי שוועבן־אַן אַהער דער מאַמעס לייכטער?

אויף יענער זייט פון דעם פאַרגלייזטן גלייוער
איז מערניט נאַכט און ווינט און פלופעס־רייען.
די לייכטער זיינען פון דער ווייט אַריבער
אין שוועבן־טיט אין ווירבלדיקע שנייען.

איך פרעס דעם הייסן שטערן צו די שויבן,
אַ כמאַרע אַנגסטן פינצטערט אין די שלייפן,
דער מאַמעס הענט — ווי עלנטע צוויי טויבן —
ווי וואָגלען אום אין ציטערדיקע רייפן.

„אוי בענטש שוין ליכט — איך קען נישט וואַרטן לענגער.
וואָס ציטערן אַזוי די הענט דיר, מאַמע?"
— „מיין עלנט קינד, אַ ווינט — צי גאָט אַליין גאָר,
האָט מיך פאַרלאָשן מיט די ליכט צוזאַמען".

דאָס פעלד אין שויב האָט קוים געטומען פריען.
מיין זעאונג איז אַוועק אין ווייטע הייכן.

איך זע זי, ווען איך מז אין חושך קניען
און ווען דער וואַנזין האַלט מיך ביים דערגרייכן.

איך זע דער מאַמעס הענט, ווי טויבן שטילע,
איך הער זיי פאַכען איבער מיר, זיך נייגן.
פון סאַמע חושך טו איך צו זיי תפלה
און ווער געטרייסט אַ רגע...

## איך זינג נישט ווי דאָס פייגעלע

איך זינג נישט ווי דאָס פייגעלע,
וואָס טרילערט אין די צווייגן.
איך זינג, ווייל כקען נישט שווייגן.

די מוזע קומט ניט אין געשטאַלט
פון ווינטעלעך האַלב־נאַכט־צייט
אייך פליגל אויסגעטראַכטע —

נאָר ווי אַ נאָכגעיאָגטע טויב,
וואָס איז פאַרשפאַרט אין דראָטן,
און כפעלט איר אויס דער אָטעם.

מיין ליד איז ניט קיין פלאַטערל
אַרום אַ פלאַם אין גאַרן,
נאָר פיבערט פון קאָשמאַרן.

און נישט קיין חלום וויגט מיך איין,
נאָר כ'ליג אין אַנגסט און וואַכיק —
און שטאַרב ניט־שיר פון פחד...

משה שענדעריי — בוענאָס־איירעס

## אַ שרייבער פון אַ געהויבענער קאַטעגאָריע

קאַלעגע יעקב פילאָווסקי, געהערט צו אַ געהויבענער קאַטעגאָריע שרייבער, וואָס האַלט ביים פאַרשווינדן פון יידישן לעבן.

אין די לעצטע יאָרצענדליקער פון ניינצטן און אין די ערשטע יאָרצענדליקער פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, האָבן סיי אין דער יידישער,

סיי אין דער העברעישער ליטעראַטור אַקטואירט אַ רייע שרייבער, וואָס האָבן באַטראַכט זייער שרייבן ווי אַ מ י ס י ע , ניט ווי קיין פ ר אָ פ ע ס י ע . זיי האָבן געלעבט מ י ט דער פעדער אָבער ניט פ ו ן דער פעדער. זיי האָבן געהאַט פאַרשיידענע פּרנסות: געווען צווישן זיי סוחרים, אינדוסטריאַלן, בעלי־מלאכות, לערער וכ׳.

אַזעלכע זיינען געווען אין דער העברעישער ליטעראַטור: יה׳לל, מרדכי בן הלל הכהן, ש. י. איש הורוויץ, און, מי לנו גדול פון אחד העם. אין דער יידישער ליטעראַטור האָבן געהערט צו דער קאַטעגאָריע, י. י. וואַרשאַוסקי, י. ל. פּרץ, און מי לנו גדול — מענדעלע.
אויך אין אונדזערע מקומות זיינען געווען שרייבער פון דער קאַטעגאָריע :יעקב יאָסעלעוויטש, מרדכי אַלפּערזאָן א. א.

די גרויסע מעלה פון דער קאַטעגאָריע שרייבער באַשטייט אין דעם, וואָס זיי זיינען אומאָפּהענגיק און קאָנען פריי אַרויסזאָגן וואָס זיי דענקען און פילן. פּרנסה ליגט אַרויף פליכטן ,מיסיע דערוועקט פאַראַנטוואָרטלעכ־קייטן, און וואויל איז דעם, וואָס קאָן די דאָזיקע התחיבותן דערפילן אָן שטערונגען און אָן העמונגען, נאָר זינגען פריי ווי דער קאַנאַריק אין וואַלד, ווייל אַזוי פאָדערט עס זיין נאַטור.

יעקב פּילאָווסקי איז ניט קיין פּראָפעסיאָנעלער שרייבער. ער איז אַ ייד אַ סוחר. זיין פעדער איז ביי אים אַן אינסטרומענט פאַר דורכפירן אַ מיסיע, און עס איז אַ זכות פאַר דעם יידישן ישוב אין טשילע, וואָס אין זיינע „ווייטקייטן" האָט זיך „פאַרוואַלגערט" אַזאַ שרייבער, איינער פון די לעצטע מאָהיקאַנער פון דער אויבנדערמאָנטער קאַטעגאָריע, וואָס ווערט זיך פּילייכט מער ניט אומקערן אין יידישן לעבן.

יעקב פּילאָווסקי איז אַ שרייבער מיט קאָנטראַסטן. אַ בן־הרב און אַ בן־תורה, גרויסט ער זיך ניט מיט זיין יחוס, נאָר האַלט זיך דווקא ביים פּאַלקסטימלעכן אין יידישן לעבן. אַ מאָדערנער ייד, האָט ער דאָך ניט פאַרלוירן די באַציאונג צו אַלטע ווערטן. זיינס אַ וואָרט, אין די יאָרן, ווען ער איז געווען פאַרכאַפּט פון דער „פּראָגרעסיווער" פאַרווירונג, פאַרדינט באַקאַנט צו ווערן אין דער גרויסער יידישער וועלט און אַריין אין אוצר פון די געדאַנקען וועגן אהבת ישראל. ווען מען האָט פאָרגע־שלאָגן, אַז אין יידישע שולן אין טשילע, זאָל אויך געלערנט ווערן רעליגיע און זיינער אַ דעמאָלסטיקער חבר האָט זיך קעגנגעשטעלט, ווייל „רעליגיע איז אָפּיום פאַר די פעלקער", האָט יעקב פּילאָווסקי געזאָגט: „יאָ, אָבער־

בשעת סכנה גיט מען דאָך אָפּיום", אבי דאָס פאָלק צו דערהאַלטן. אַ הויכע מדרגה פון אהבת ישראל און יהדות.

י. פּילאָווסקי האָט בכלל אַ טיפן געפיל פאַר „דערנידעריקטע און באַלייידיקטע", צו וועלכן פאָלק זיי זאָלן ניט געהערן. ער געהער דערפאַר צו די יידישע שרייבער, וואָס האָבן אַמטיפּסטן אַריינגעדרונגען אין לעבן און נויטן פון די מאַסן אין דעם לאַנד אין וועלכן ער לעבט, און ער באַהאַנדלט זייער פּראָבלעמאַטיק מיט מענטשלעך־ברידערלעכער פאַרשטענדעניש. אַ בילדל, וואָס פּילאָווסקי מאָלט, איז ניט בלויז אַ „קאַרטינקע", נאָר עס האָט אויך אַ הינטערגרונט פון שכל און געדאַנק. חוץ „שיינע מליצה", קומט עס עפּעס אויך „מיך צו לאָזן הערן", ווי מענדעלע האָט עס געפאָדערט און שלום־עליכם האָט עס פאַרצייכנט אין פאָרוואָרט צו זיין ראָמאַן „סטעמפּעניו".

אַ מענטש וואָס האָט היפּש געררייזט, האָט י. פּילאָווסקי אַ גוט אויג צו זען און באַאָבאַכטן, אַ שאַרפן אינטעלעקט צו באַנעמען און באַגרייפן. האָט ער באַרייכערט אונדזער ליטעראַטור מיט רייזע באַשרייבונגען, וואָס זיינען באַלערנדיק און וואָס יידן האָבן אַזוי ליב, און גלייכצייטיק האָט דער שרייבער דערנענטערט דעם טשילענער ישוב צו דער גרויסער וועלט.

טוט דער געזעלשאַפטלעכער קאָמיטעט אַ גוטע זאַך מיט דעם, וואָס ער באַערט י. פּילאָווסקי צו זיין זעכציקסטן געבורטס־טאָג, מיט אַרויסגעבן אַ בוך פון זיינע שאַפונגען. ער האָט עס ביי דער געזעלשאַפט כשר פאַרדינט, ווייל ער האָט איר טריי געדינט. אין פונקט ווי לויטן יידישן באַגריף דאַרף מען באַשטראָפן מיט דעם וואָס מען האָט געזינדיקט, דאַרף מען אויך באַערן מיט דעם, מיט וואָס מען האָט דער געזעלשאַפט געדינט, — אַרויסגעבן די ווערק פון מחבר, וואָס זאָל אים באַמוטיקן צו ווייטערדיקער אַרבעט אין משך פון אַ סך גוטע און פולע, מיט פּרוכפּערדיקער שעפערישקייט, יאָרן.

דער טשילענער ישוב האָט זיך דערמיט געשטעלט אויף דער געהעריקער הויך.

**משה שענדעריי.**

*Reseñas y Salutaciones a*

# JACOBO PILOVSKY

*en su 60º aniversario de vida*

---

מיט באַשטעלונגען וועגן בוך זיך ווענדן :

Casilla 5099 - Teléfono 65820

Santiago - Chile

Emp. Periodística Israelita